אַלבערטאָ גערשונאָוו

# יידן גאַוטשן

ייִדיש — פּ. קאַץ



בוענאָס אײַרעס
1952

# אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| אויטאָביאָגראַפיע פון אַלבערטאָ גערשונאָוו | 9 |
| אַ. גערשונאָוו — דער מענטש און שרײַבער | 31 |
| אַלבערטאָ גערשונאָוו אין דער שײַן פון זײַנע „ייִדן גאַוטשן" | 55 |
| ייִדן גאַוטשן | 71 |
| 'בעריישעם | 79 |
| דער אַקערשניט | 83 |
| פרישע מילך | 85 |
| דער רעגן | 88 |
| די סיעסטאַ | 90 |
| אימיגראַנטן זײַנען אָנגעקומען | 95 |
| דאָס דרעשן | 98 |
| פאַרפאַלן דער גאָרטן | 101 |
| שיר השירים | 105 |
| טישע באָוו צו קינעס | 109 |
| וואָס מיט מיריאָמען האָט זיך פאַרלאָפן | 113 |
| דער אָקסנטרײַבער | 117 |
| רעב אַווראָמס טויט | 123 |
| די סאָווע | 127 |
| קאַמאַטשאָס כאַסענע | 133 |
| דער וויזיט | 144 |
| שיידים | 150 |
| דער געט | 159 |
| אַ מײַסע מיט אַ געגאַנוועטן פערד | 165 |
| דער פאָעט | 170 |
| די רעוואָלוציע | 176 |
| דאָס טרויעריקע מיידל פון דער קאָלאָניע | 183 |
| דער אַלטער קאָלאָניסט | 192 |
| דער הימן | 198 |
| דער דאָקטער דער באַלמױפעס | 203 |
| די זילבערנע מענוירע | 217 |

# אויטאָביאָגראַפיע פון אַלבערטאָ גערשונאָוו *)

געבוירן בין איך דעם 1־טן יאַנואַר 1883 — לויט דעם פּאַס, וואָס מען האָט מײַן טאַטן ארויסגעגעבן אַף צו פאָרן קיין אַמעריקע, און 1884, ווערליק מײַן מאַמע פלעגט זאָגן — אין פּראָסקוראָוו, אַ שטעטל אין פּאָדאָליער גובערניע, וואָס איז ווי די ליטע, אַ רוסישע פּראָווינץ מיט אַ געדיכטער יִדישער באַפעלקערונג. **) איידער איך בין דרײַ יאָר

---

*) צווישן די פּעק מיט קסאָווים און פון דער ערשטער האַנט אָנגעוואָרפענע זאַכן, וואָס זײַנען פאַרבליבן נאָכן טויטן פון אַלבערטאָ גערשונאָוו בײַ זײַן מיש־פּאָכע, האָט זיך אויסגעפונען אין קסאַוו־יאַד זײַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט באַם לעבן, צוליב אומבאַקאַנטע סיבעס, אין ערגעץ נישט אָפּגעדרוקט. די באַשריבענע זײַטלעך טראָגן אַף זיך די דאַטע פון יאָר 1914 אין פּאַריז, ווו ער איז דעמאָלט געווען מיט אַ ספּעציעלער שליכעס פון פּרעזידענט ראָקע סאַיענז פּעניאַ. דערשינען איז די אויטאָביאָגראַפיע אינאיינעם מיט אַ סעריע עסייען איבער ענטרע־רִיאָס, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט צוגעגרייט צום דרוק פאַר זײַן טויט און זײַנען דערשינען אין 1950 אינעם פאַרלאַג „פוטורא" אונטערן טיטל: „ענטרע־רִיאָס, מײַן לאַנד".

**) וואָס שײַעך פּינקטלעכקייט אין רוסישער געאָגראַפיע, זאָל מען עס באַם מעכאַבער ניט זוכן. דאָס אייגענע וואָס שײַעך יִדישע מינהאָגים. דאָס זײַנען זאַכן, וואָס גייען דורך דעם מעכאַבערס קינסטלערישער פאַראַלגעמיינערונג, אַ פאַראַלגעמיי־נערונג, וואָס ליגט אינעם אַפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער פונעם ווערק. דער מעכאַבער האָט פאַר אַלעמען אין זינען דעם ניט־יִדישן לייענער, ספּעציעל דעם שפּאַנישן. ער נוצט זיך דעריבער אַפּט מיט ניט־יִדישע באַגריפן פאַר יִדישע מינהאָגים. דאָס איז אויך גוירעם זײַן גענייגטקייט צו מאַגניפיצירן דאָס וואָס איז בײַ יִדן פאַרבונדן מיט דעם שפּאַנישן פּעריאָד, ווי מיט דעם ביבלישן און מיניִמיזירן דאָס וואָס איז פאַר־בונדן מיט דעם מיזרעך־אייראָפּעִישן, צו וועלכן ער גופע, אַגעוו, האָט זיך באַצויגן מער ווי מיט ביטל. ערשט אונטער דער ווירקונג פון ש. רעזניקס איבערזעצונגען פון דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַטור און פון די מאָדערנע יִדישע דענקער, האָט אַלבערטאָ גערשונאָוו געענדערט זײַן באַציִונג צו יִדיש און צו דער יִדישער קולטור, וואָס איז אויפגעקומען אין מיזרעך־אייראָפּע. נעמענדיק דאָס אין אַכט, האָב איך, ווו עס איז מעגלעך געווען אויסגעגלעט אין דער איבערזעצונג יענע שטעלן, ווו דעם מעכאַבערס בעקיוונדיקע אָדער שעלוּיבעקיוונדיקע צופּוצונגען אינעם אָריגינאַל דער־גייען ביז אַבסורד. פאַרלירן דערפון וועט עפּשער דאָס ווערק בלויז אין דער רעטאָריק, צו וועלכער עס האָט געצויגן דעם דעמאָלט יונגן שפּאַניש־שרײַבער. זיכער אָבער וועלן דערפון געווינען זײַנע שפּעטערדיקע קינסטלערישע איבערצײַגונגען, וואָס זײַנען דעם איבערזעצער באַקאַנט.

דער איבערזעצער.

אַלט געוואָרן, זײַנען מײַנע עלטערן אַריבערגעפאָרן קיין טולטשין. פון דער קורצער און ווײַטער רײַזע איז מיר קוים עפּעס פאַרבליבן אין זי־קאָרן, און עפּשער זײַנען עס נישט מער ווי זאַכן, וואָס איך האָב גע־הערט די מײַניקע דערציילן. פונדעסטוועגן, איז מיר טיף אין זיקאָרן פאַרבליבן דער אַריבערגאַנג איבער אַ שמאָלן טײַך אין אַ טאָג ווען עס האָט געמראַקעט און געשניים. פון טולטשין געדענק איך שוין מער דײַטלעכע זאַכן: דאָס הויז וווּ מיר האָבן געוווינט, דעם גרויסן גאָרטן, דעם קלויסטער מיט די שפּיציקע טורעמס, וואָס האָט אין פּראָנט גע־האַט אַ הייליקן אַלעקסאַנדער פון באַגילדעטן בראָנדז און מיר קינדער פלעגן אים באַוווּנדערן. איך קען אויך נישט פאַרגעסן דעם שטאָט־פּלאַץ מיט אַ הילצערנעם זײַל אין דער מיט, וואָס זײַן באַדײַטונג איז מיר ניט באַקאַנט. איך ווייס נאָר, אַז דאָס איז געווען דער איינציקער מאָנו־מענט אין שטאָט און אַרום אים פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין אַ שיין וועטער די כּאַשעוועסטע באַלעבאַטים. דאָרט פלעג איך זען די באַרימטע מענטשן, די זקיינים, וואָס אין שול האָט מען זיי אָפּגעגעבן קאָוועד צו־ליב די נעדאָרים, וואָס זיי האָבן געגעבן מיט דער ברייטער האַנט, די מיידלעך וואָס מען האָט אָמערסטן קאָרטעזשירט און די רײַכסטע דאַמען.

טולטשין איז — דעמאָלט ווייניקסטנס — געווען אַ קויטיקע און אַן אומעטיקע שטאָט, אָן באַלײַכטונג און אָן טראָטואַרן, און איר שענ־סטע אַרכיטעקטור איז באַשטאַנען פון אַ האַלב־כאָרעוון פּאַלאַץ, וואָס האָט געהערט צו די פירשטן באַזאַ, און פון אַ ביניען, וואָס מען האָט אים גערופן די בוינע און מען פלעגט אַהין גיין שפּאַצירן. געוווינט האָבן מיר אין טולטשין ביז 1889. מײַן פאָטער האָט דאָרט געהאַלטן די פּאָטשט, אַ באַשעפטיקונג, וואָס האָט אין יענער אָפּגעשטאַנענער געגנט פאַרשאַפט כשיוועס און קאָוועד, מאַכמעס צוליב זייערע באַציִונגען מיט דער רעגירונג און זייער אָפּהענגיק זײַן פון די קאָנטראַקטן אירע, האָט מען די פּאָטשטאַרעס באַטראַכט פאַר וויכטיקע באַאַמטע און זיי האָבן זיך גענוצט מיט געוויסע פּריווילעגיעס. מאַכמעס דעם אָפּשײַ, וואָס מען האָט געהאַט צו אונדז צווישן ייִדן, האָט אונדז שוין אויך נישט געפעלט קיין אָפּשײַ מיצאַד דער אָרטיקער פּראַוואָסלאַווער אַריסטאָ־קראַטיע. מײַנע ייִדעס זײַנען געווען רײַכע לײַט, גרינדער פון דאָרפישע ייִשוּווים, ענערגישע אונטערנעמערישע מענטשן, וואָס האָבן זיך אײַנ־

געקויפט בא גאטשאלסטווע, פאר גרויסע שטײַערן, אייביקע רעכט, *) א רעכט, וואס סאַכרים פון העכערער קאטעגאריע און אומגעטאדלטער אויפפירונג האבן באקומען און זײַנען דערמיט אויסגעגלײַכט געווארן אין זייערע רעכט מיט די „דוואריאנעס" (אדעליקע) פון צווייטן ראנג.

דערצו איז מײַן פאטער אויך געווען דאס וואס מען האט אין די פּראווינץ־שטעט אנגערופן א באל־אייצע. געווען איז ער א קענער פון העברעיש, מיט א באגאזש פון וועלטלעכן וויסן און מען האט געהאלטן פון אים און געזוכט זײַן פריינטשאפט. געווען איז ער פון מיטעלער וווּקס, מיט א גערדיכטן און גלאנציקן קאפּ שווארצע האר פארקעמט אף הינטן, דאס פּאנעם רויק, די אויגן אומעטיקע, און האט דערום מיט זײַן ראבאנישער בארד געמאכט דעם אײַנדרוק פון אן אלטן לאמדן. נישט גע־קוקט אף זײַן אומעטיקן אויסזען, האט ער קיינמאל ניט אנגעווירן זײַן גוטן הומאר. מאכמעס געווען איז ער גרינטלעך באקאנט מיט דער יודאיִ־שער ליטעראטור, פלעגט ער מיט זײַן שארפזין און מיט האמצאעדיקע שטעלן ארויסברענגען פון זייער גלײַכגעוויכט די פרומע לײַט, וואס פלעגן צו אונדז ארײַנקומען. מיט אפּיקארסישע פּאראדאקסן, און מיט פּסוקים און רײַעס פון די מעפארשים פלעגט ער באווײַזן, אז מען מעג עסן כאזיר־פלייש און אז פאסטן אום יאנקיפּער, איז נישט פון די איקארים אינעם יידישן גלויבן.

אין שטוב בא אונדז פלעגן פארקומען וויכטיקע אסיפעס. אין די ווינטערדיקע נעכט פלעגן זיך אויסזעצן ארום דער הרובע דער ראוו, דער קאזיאנע ראבינער, די גאבאִים פון דער שול און די כאשעווסטע באלעבאטים. בא דער זײַט האט דער סאמאוואר געזאטן און אף א טישל לעבן דיוואן האט א גרויסע פושקע טאבאק און א קליין פושקעלע שמעק־טאבעקע אנגעבאטן גאסטפרײַנטשאפט. מײַן פאטער פלעגט פארברענגען מיט די געסט א פארזונקענער אין זײַן פלושענעם כאלאט און שטענדיק מיט זײַן לאנגן פארצעלייענעם ליולקע־ציבעק. צווישן די געסט האט אף

*) דער מעכאבער מיינט דא „פּאטאמסטווענאיע פּאטשאטנאיע גראזשדאנסטווא", וואס יידן סאכרים פון ערשטער און צווייטער גילדיע פלעגן באקומען נאך א בא־שטימטער צאל יארן צאלן דעם הויכן שטײַער, אדער יידן ערדבאזיצער, וואס האבן באוויזן צו באזעצן אף זייער ערד א באשטימטע צאל יידן ערד־ארבעטער.
דער איבערזעצער.

מיר אַ שטאַרקן איַינדרוק געמאַכט יעהודאַ אַנאַקראַי, דעמאָלט שוין אַ נײַנציקער, אין אַ ברייטן מאַנטל פון פיאָלעט־קאָלירטן סאַמעט. געווען איז ער דער רעליגיעזער ראָוו. זײַן ווײַסע באָרד איז אים געפאַלן איבער דער ברוסט, ווו עס האָט געגלאַנצט אַ גאָלדענער מאָגן־דאָוויד און די האָר זײַנען אים געפאַלן איבער די אַקסלען ווי אַ ווײַסער פעכער. זײַן באַנעמונג איז געווען אַן ערנסטע און אַן איידעלע, זײַן וואָרט געלאַסן, קורץ און וואָגיק. מען האָט געשמועסט וועגן עמונע־זאַכן און רעב יעהודאַ אַנאַנקראַי, וואָס מײַן פאָטער האָט אים פאַרגליכן מיט הילעל האַצאַדיק און פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, האָט ווי שטענדיק דערציילט וועגן זײַן נעסיִע קיין ערעצ־יִסראָעל. די מעסיבעס פלעגן זיך פאַרציִען ביז האַלבער נאַכט. יעהודאַ אַנאַקראַי פלעגט אַוועקגיין, אָנגעשפּאַרט אַף זײַן פאַרנעמען קרומען שטעקן און אַ גרויסער הונט פלעגט אים נאָכגיין. נישט געקוקט אַף זײַן עלטער, פלעגט ער דורכגיין אַן אַ שיר געסלעך אין דער שרעקלעכער קעלט, ביז ער פלעגט זיך דערקלײַבן צו זײַן שטיבל, ערגעץ אין דער אָרעמער געגנט.

בעיים אַט די אַסיפעס האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט ריידן וועגן אַמעריקע. אין יענע שוין ווײַטע יאָרן, האָבן יִדן נישט עמיגרירט און דער פרווו פונעם באַראָן הירש זיי צו קאָלאָניזירן, האָט אַ שײַן געטאָן איבער די טולטשינער יִדן ווי די מעשיכישע האָפענונג צוריקצוקערן קיין ערעצ־יִסראָעל. מײַן פאָטער איז געווען פון די וואָס האָבן די מערסטע יעדיִעס געהאַט דערוועגן. ער האָט זיי גענומען פון אַ צײַטונג, וואָס איז אומגעגאַנגען בעסאַד און האָט געהאַט, געדענק איך, דאָס בילד פון דעם נאַדיוו. אַז ער פלעגט ריידן וועגן אַרגענטינע, פלעגן זײַנע שטענדיק רויִקע אויגן אויפלויכטן מיט אַ גלאַנץ און זײַן וואָרט פלעגט באַקומען דעם הייסן אָטעם פון אַ דראָשע. די געשעפטן זײַנען געגאַנגען שלעכט. אונטערגעקומען איז די אײַזנבאַן און די פּאָטשטאַרעס האָבן אינעם לאָקאָמאָטיוו געזען זייער אומדערבאַרעמלעכן סוינע. מײַן פאָטער איז בעטעווע נישט געווען קיין סויכער און דאָס געיאָרשנטע פאַרמעגן איז זיך באַ אים צערונען. דאָרפישע גיטער האָבן, צוליבן קריזיס, באַקומען אַ רעלאַטיוון ווערט און, אַלס ליפעראַנט אין דער מילכאָמע מיט טערקיִי, איז זײַן פאַרמעגן נאָך קלענער געוואָרן. דערפון קען מען זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן זײַן כאַראַקטער. באַקאַנט איז, אַז ליפעראַנטן

קומען אהיים פון דער מילכאמע ריַיד. מיַין פאטער איז צוריקגעקומען ארעם, מאכמעס נישט נאכגעגעבן האט ער די גענעראלן, וואס האבן זיך דערביַי פאזשיווועט. געוועזן איז ער גענויגט צו פילאזאפירן און האט געכאלעמט פון א פריַי לעבן, פון פרידלעכער עקזיסטענץ, און געהאלטן פון טאלסטאיס לערע: ער האט ליב געהאט די פאשעטקייט פון דארפי־שער מי, דאס שטילע לעבן פון ערלעך פארדינטן ברויט מיט אייגענער הארעוואניע אף אייגענער ערד. באשלאסן האט ער דערום איבערצולאזן זיַינע געוויינלעכע געשעפטן און אוועקפארן קיין אמעריקע, קיין ארגענ־טינע, וואס די ציַיטונג מיט איר אויסוואנדערונגס־פראפאגאנדע האט אויפגעהויבן און פארגליכן מיט צואן.

געקומען זיַינען דערנאך טעג פון טומל, פון פרייד, פון יאנטעוו, פון געזעגענען זיך מיט געוויין. ווארעם געקומען זיַינען פון אומעטום קרויווים זיך זען. ארויסגעפארן זיַינען מיר אין א וועסנע־טאג, ווען גע־בליט האט דער קארן און די אקאציעס האבן געשמעקט, מיט דעם נאנטסטן וועג צו דעם ארט, ווו די באן איז שוין געגאנגען. די פויערים האבן געוווּסט פון דעם ניַיס און ווען דער דיליזשאנס איז פארביַיגעפארן, האבן זיי אונדז געגריסט און געווונטשן גליק. פארבליבן זיַינען מיר אין זי־קארן ווייניק דערינערונגען פון דער ריַיזע. פארגעסן קען איך נישט דעם מאמענט ווען מיר זיַינען אריבער די גרענעץ אין גראיעוו. מיַין מוטער האט מיר אנגעוויזן אף דעם קאזאק, וואס האט באוואכט דאס לעצטע שטיבל אף רוסישער ערד, און האט מיר געזאגט:

— קוק אים גוט אן; אין ארגענטינע וועסטו קיין קאזאקן נישט זען. ארגענטינע, קינד מיַינס, איז א פריַי לאנד, א רעפובליק, ווו אלע מענטשן, הייסט עס, זיַינען גליַיך.

אן אויפגעלויכטענער פון טיפער פרייד, האט זי מיט אט די הייסע ווערטער אונטערגעשטראכן די העכסטע נוצן פון דער פריַיהייט. אין א שווערער בויד האבן מיר זיך געשלעפט צו פראסטקען צו, קעדיי פון דארט אפצופארן קיין בערלין. „דארט — האט זי געזאגט — אין אר־גענטינע, וועלן מיר באארבעטן די ערד, דארט וועלן מיר עסן ברויט פון אונדזער ווייץ און זיַין פויערים, ווי די אמאליקע יידן, די יידן פו־נעם טאנאך". און זי האט מיר געגעבן צו פארשטיין דעם מאשל מיט דעם טיַיערן שטיין און דער זאנג:

„געפרעגט האבן די טאַלמידים ראבי אַקיווען וואָס איז דער סאָד פון גליק. „דער סאָד פון גליק איז זייער אַ פּאַשעטער — האָט זיי דער טאַנע געענטפערט. — דער וואָס באַקומט אַלץ פון דער ערד, דער וועט זויכע זײַן דעם גאַניידן ווען ער וועט זיך אומקערן צו איר. איינמאָל האָט אַ פּאַסטעך פון קענאַאַן געפונען לעבן אַ ברונעם, ווו ער האָט געגעבן צו טרינקען זײַן סטאַדע, אַ וווּנדערלעכן שטיין. פאַרקויפט האָט ער דעם שטיין צו אַ זוינע און מיט דעם געלט האָט ער זיך אויסגע־קליידט ווי אַ פּרינץ און איז אויסגעוועזן ווו אַ שטאָט. וואָס מער טאַנוּ־גים ער האָט געזוכט, אַלץ פינצטערער איז אים געוואָרן אין האַרצן, און אַלץ מער האָט ער געליטן, מאַכמעס מוירע צו פאַרלירן זײַן פאַר־מעגן. אַפגעמעקט איז געוואָרן פון זײַן האַרצן דאָס ראַכמאָנעס און ער האָט געטריבן פון זיך די אָרעמעלײַט און זיי געזידלט. איינמאָל, ווען ער איז געגאַנגען אין טעמפּל אַרײַן, ווו ער האָט פאַרנומען אַן אָרט צווישן די בעקאַוועדיקע לײַט, האָט אים באַגעגנט אַן אַלטער מאַן און האָט אים אַזוי געזאָגט: „הער מיך אויס, פּאַסטעך, דו האָסט נישט קיין רו און איך ברענג דיר רו. דער סאָטן האָט דיך געשטעלט צום ניסאָיען. האָסט אויסגעקליבן דעם טײַערן שטיין, וואָס ער האָט אוועקגעלייגט באַם ברונעם און נישט די זאַנג, וואָס גיט ברויט און פרייד. דו האָסט באַקומען געלט, נאָר מיט דעם געלט באַקומט מען נישט דאָס וואָס איז פאַראַן אין דער טוווּע". דער פּאַסטעך האָט דעמאָלט צעשאַנקען זײַן רײַכקייט צו די אַלמאָנעס און אָרעמעלײַט און איז צוריקגעגאַנגען קיין קענאַאַן. נאָר נישט געהאַט האָט ער שוין קיין קערנער צום פאַרזייען. צוגעגאַנגען איז ער צום ברונעם און האָט דאָרט געפונען אַ זאַנג און טרויעריקערהייט האָט ער זי צעשאַטן, און אין איינעם אַ טאָג, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט ער דערזען ווי זײַן נאַכלע איז באַדעקט מיט ווייץ..."

* * *

פונעם אימיגראַנטן־האָטעל אין בוענאָס־אײַרעס האָט מען אונדז גע־בראַכט קיין מאָזעסוויל, אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע. דאָס איז די ער־שטע קאָלאָניע, וואָס דער באַראָן הירש האָט געגרינדעט. אַף דעם ווילדן סטעפּ, מיט ווילדן גראָז באַוואַקסן, מיט קאַלוזשעס וואַסער באַדעקט,

האָט מען אויפגעשטעלט שפּיציקע קאַלאָניסטישע בײַדלעך. קלײנינקע לײוונטענע געצעלטן זײַנען עס געווען, נאָר די ייִדישע מישפּאָכעס האָבן זיך געפֿילט אין זיי ווי אין פּאַלאַצן, נישט געקוקט דערויף וואָס טייל זייערע האָבן אַמאָל געלעבט זייער באַקוועם, קימאַט אין רײַכקייט. דאָרט האָבן מיר זיך באַקענט מיט דעם פֿעלד־לעבן, זײַנען מיר אַרײַן אינעם קאַמף מיט דער נאַטור, מיט דער ווילדער און שײנער נאַטור. מיר האָבן געגראָבן ברונעמער, געבויט אויוונס, צעגראָבן די גערטענער אַף גרינס. רירנדיקע און קאָמישע סצענעס האָט מען אָנגעטראָפֿן אַף יעדן טראָט. אין די פּרימאָרגנס — ליכטיקע פּרימאָרגנס, מילדע און וואַרעמע, ביבלי־שע פּרימאָרגנס אַף דעם אַרגענטינישן סטעפּ — האָבן ייִדן מיט ברייטע בערד זיך געבויגן איבער דער אומבאַרירטער ערד מיט זייערע גראָב־אײַזנס, מיט זייערע גראַבליעס, און געווען איז עפּעס מיסטישעס, ווי די אוווידע אַפֿריכטן, אין דעם ערנסט ווי זיי האָבן געטאָן זייער פּאַשעטע אַרבעט. דאָס זײַנען שוין מער נישט געווען יענע טרויעריקע אָרעמע רוסישע ייִדן געבויגענע אונטער דער מוירע, דערשלאָגענע אין דער קנעכטשאַפֿט. געשפּאַנט האָבן זיי קוימעמיִעסדיק, מיט אַן אויפגעהויר־בענעם קאָפּ, און אויפגעגראָבן האָבן זיי די ערד, אַ באַגאַסענע שוין ניט מיט טרערן, נאָר מיט שוויים, מיט פֿויערישן שוויים פֿון ליבער פּאַרמאָ־טערטקייט. אָט אַזוי, דערלייזנדיק זיך, האָבן די אווראָמס, די מוישעס, די יאַנקעווס אָנגעהויבן באַאַרבעטן די ערד.

אין איין צײַט דערמיט זײַנען געשען, ווי שוין געזאָגט, סצענעס צום לאַכן. מענטשן נעבעכדיקע, אין שרעק פֿאַר דער רויער נאַטור, וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן געקלאַפּט פֿלעקלעך אין די פּאַדעשוועס אָדער געהאַנדלט ערגעץ הינטער אַ טאָמבאַנק מיט גראַשנדיקע סכוירעס, האָבן פֿון דער העלער הויט געמוזט נעמען אָנטרײַבן ווילדע פֿערד און אײַנ־שפּאַנען צעבונטעוועטע אָקסן אינעם יאַרמאָ. די העלדישערע יונגעלײַט האָבן זיי אָפּט נישט געלאָזט רוען מיט זייער שווערן שפּאָס. מיר גע־דענקט זיך איינער, אַ לאַטוטניק פֿון זײַן היימישן שטעטל אין בעסאַ־ראַביע, וואָס האָט פֿאַר זײַן פֿערד מוירע געהאַט ווי פֿאַרן טויט. געווען איז דאָס פֿערד אַ מאָגערע קליאַטשע, אַ הינקענדיקע, וואָס האָט קוים די פֿעל אַף זיך געטראָגן. אַז דער לאַטוטניק האָט אים געוואָלט אָננעמען און אָנטאָן אים דאָס ציימל, איז ער אים אַקעגנגעגאַנגען מיט אַ בינטל

היי. דאָס פערד האָט זיך געלאָזט צוגיין, נאָר דער בעריעשער קאָלאָניסט האָט זיך גערוקט אַף צוריק און אָפּגעשטעלט האָט ער זיך ערשט אַף יענער זייַט פּלויט. דאָס פערדל, פאַרשטייט זיך, האָט אויפגעקייַט דאָס בינטל היי און האָט זיך אָוועקגעשפּאַנט. דער אָפּהענטיקער באַלעבאָס האָט דערנאָך געמוזט אָנקומען צו דער באַרעמהאַרציקייט פון אַ דרייס־טערן שאַכן, כאָטש געוווּסט האָט ער, אַז מען וועט פון אים מאַכן דאָס געלעכטער. אַ צווייטן, אַ דאַרן געלן ייִדן, אַ טיפּישן געטאָ־ייִד, איז אַרייַנגעפאַלן אַז אומרויִק פערד, האָט ער זיך אונטערגעבעט אַ קישן, און ווי נאָר ער האָט זיך אויפגעזעצט, האָט ער זיך פונעם פערד אַראָפּגעגליטשט און איז אַרייַן אין אַ קאַלוזשע וואַסער...

די יונגע האָבן זיך שנעל צוגעוווינט צו דער פעלד־אַרבעט. זיי האָבן טייקעף איבערגענומען די אַרבעטס־מעטאָדן פון די אָרטיקע און האָבן זיך אויסגעלערנט וואַרפן דעם לאַסאָ און די באַלעאַדאָראַס. אַ ייִנגל פלעגט שוין אַמאָל איבערשרעקן די מיידלעך און צוואַרפן זיי צו די פיס אַ געפייַערטע שלאַנג.

אַז אַקטיוו קאַלירפּול לעבן האָט צעוואָרעמט די ערשט־אויפגעקומענע קאָלאָניע. לעבן דער אַדמיניסטראַציע, דאָס איינציקע פון ציגל־געבויטע הויז, האָט מען צייַטווייַליק אייַנגעאָרדנט די שול צום דאַווענען און אינעווייניק, בײַ דער מיזרעד־וואַנט, צייַטווייַליק אוועקגעשטעלט דעם אָרן־קוידעש מיט דעם רויטן פּלושענעם פּאָרויכעס און מיט גאָלד־אויסגעהעפטן מאָגן־דאָוויד. געדאַווענט אין איר האָט מען דעם ערשטן מאָל אין אַ זוניקן שאַבעס. גאַבע איז געווען מייַן פאָטער. מיטן טאַלעס איבערן קאָפּ, ווי אַלע ייִדן, האָט ער געזאָגט די טפילעס און, אינעם פייַערלעכסטן מאָמענט, איידער מען נעמט לייענען אין דער טוירע, האָט ער צו וויסן געגעבן, אַז ער וועט מאַכן אַ „מי שעבייראַך" דעם לאַנד, וואָס אין רוסלאַנד פלעגט מען דאָס טאָן געצוווּנגענערהייט אונטער דער מוירע מען זאָל נישט טייקעף פאַרמאַכן די שול.

— אוואָדע! האָט זיך איינער אַ זאָקן אָנגערופן — מען דאַרף מאַכן אַ „מי שעבייראַך" דעם לאַנד און דעם קייסער!

נישט געקוקט דערויף וואָס מייַן פאָטער האָט בעיים מייַסע געהאַלטן דאָס סייפער אויפגעוויקלט הויך איבערן קאָפּ, וואָס האָט אים צוגעגעבן פּריסטערלעכע כשיוועס, וויכטיקייט און ערנסט, האָט ער זיך

גישט געקענט איינהאַלטן פון אַ שמייכל צו טאָן און האָט זיך געווענדט צום אַלטן, ווי מען ווענדט זיך צו איינעם ווען מען רופט אים אויף צו דער טוירע:

— רעב יאַנקעוו בערעב מוישע: מיר זיינען דאָ ניט אין רוסלאַנד; דאָ זיינען נישטאָ קיין קייסאָרים; אַרגענטינע איז אַ רעפּובליק, דאָס מיינט אַ לאַנד וווּ אַלע מענטשן זיינען פריי.

און דער צעקנייטשטער און איינגעהויקערטער זאָקן מיט זיין פּאַ־שעטער נעשאָמע און פון לאַנגן מאַרטירערטום פאַרטיפטער פרומקייט, איז צוגעקומען צו מיין פאָטער, האָט צונויפגענומען די ציצעס פון זיין טאַלעס, וואָס באַטייטן די פיר עקן פון דער וועלט, האָט אַ פיר געטאָן מיט זיי איבער דער סייפער־טוירע, זיי צוגעטראָגן צו די אויגן און צום מויל און האָט זיך פאַרריכט מיט די ווערטער:

— לאָמיר־זשע בענטשן דאָס לאַנד און די פרייהייט.

— אָמיין! — האָבן אַלע געענטפערט.

אַ ציטער האָט אונדז אַלעמען טיף דורכגענומען. דאָס דאַווענען איז שוין דערנאָך געגאַנגען ווי געוויינלעך, ביז מען איז צוגעקומען צו דער טפילע וואָס וועקט גאָטס ראַכמאָנעס ער זאָל אויסלייזן דאָס אויסדער־וויילטע פאָלק פונעם גאָלעס, אַן אַלטע טפילע, וואָס מען זאָגט זי בײַ יעדן דאַווענען, בײַ יעדער רעליגיעזער פייערלעכקייט. דעמאָלט האָט זיך מיין פאָטער ווידער אָנגערופן:

— צו וואָס דאַרף מען זאָגן די טפילע? מיר זיינען נישט קיין הונגעריקע און מיר לעבן נישט אין גאָלעס. ווען אונדזערע ברידער זיינען געווען אין באָוול אָדער אונטער דער הערשאַפט פון רוים, האָבן זיי אַזוי געבעטן. אין רוסלאַנד, ווו מען האַרגעט זיי, מען יאָגט זיי און מען דערנידעריקט זיי, דאַרפן זיי וועקן גאָטס ראַכמאָנעס. דאָ זיינען מיר פרייע מענטשן, נישט אין גאָלעס, נאָר אויף אונדזער ערד, און אונדזערע טאַנאָים זאָגן, אַז ציאָן איז דאָרט, ווו מיר פילן זיך גוט און גליקלעך.

קענטיק, אַז דאָס וואָס מיין פאָטער האָט אַרויסגערעדט, איז פאַר די פרומע ייִדן געווען אַ שרעקלעכע זאַך, וואָרעם לייקענען דעם גאָלעס אויסער ערעצ־יסראָעל, מיינט אָפּזאָגן זיך פון דער האָפענונג צוריקצו־קערן קיין יערושאָלאָיִם. די זקיינים האָבן געקלערט, דיסקוטירט, גע־בראַכט רייעס פון אַלטע דינים, מעמרעס פון דער גמאָרע, אויסגערעכנט

די איקאַרים פון דער ייִדישער עמונע. אין אַ ווינקל פון דעם גערוימען ביידל, איז אַ ייִד מיט אַ זויער פּאַנעם, מיט אײַנגעפאַלענע אויגן און אַ ווײַסער קאַלטענוואַטער באָרד, אַרויפגעפאַלן אַף מײַן פאָטער מיט שאַרפע רייד:

— רעב גערשן בערעב אווראַם־מוישע: איך האָב דערעכערעץ פאַר אײַער קענטעניש און פאַר אײַער אָרנטלעכקייט, נאָר איר גייט אַראָפּ פון־נעם דערעך־האַיאָשער. פאַר אַזעלכע זאַכן האָט מען אַרײַנגעלייגט אין כיירעם באָרוך שפּינאָזע, אַ גרויסן כאָכעם. זאָלן מײַנע אויגן נישט זען אַזאַ שטראָף, זאָל מײַן לײַב זײַן דערוויײַטערט פון אַזאַ גרויסער זינד!

נעוויאַישער צאָרן האָט אויפגעפלאַקערט אינעם האַרצן פון דעם פאַרלאַשענעם מענטשן, האָס האָט גענומען גלאַנצן בא אים אין די אויגן און מיט די הענט צום אָרן־קוידעש אויפגעהויבן, האָט ער מיט אַכזאָריעס געקוקט אַף מײַן פאָטער. מײַן פאָטער האָט רויִק און מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— לאָמיר זיך נישט היצן. איך רייד נישט פון יערושאָלאַיִם, איך רייד פון גאָלעס. מיר זײַנען שוין נישט קיין קנעכט, מיר זײַנען שוין, באָרוך־האַשעם, פרײַע מענטשן. צי איז דען נים אַ זינד צו קוקן אַף זיך ווי אַף קנעכט, דעמאָלט ווען מיר געניסן דאָס העכסטע גליק, די פרײַהייט? מיינט עס דען נים אַ באַליידיקונג פאַר גאָט? איך וועל די טפילע נישט זאָגן, ווי איך וועל נישט בעטן בא גאָט ער זאָל זיך מעראַכעם זײַן אַף מײַן מי ווען מײַן נאָכלע וועט באַדעקט ווערן מיט טוווע.

און צום ערשטן מאָל פון זינט דאָס ייִדישע מאָלכעס איז אונטערגעגאַנגען, נאָך טויזנטער יאָרן, האָט דאָס געפלאָגטע פאָלק נישט גערופן גאָטס ראַכמאָנעס אויסצולייזן עס פון קנעכטשאַפט. צום ערשטן מאָל אין דער קאָלאָניע מאָזעסוויל, אינעם יאָר 1891 לויט דער קריסטלעכער צײַטרעכענונג, האָט דאָס אויסדערוויילטע פאָלק זיך דערפילט אַף גאַסט־פרײַנטלעכער ערד, אַף מאַמע־ערד, און האָט נישט אַרויפגעשיקט צו גאָט די טויזנטיעריקע טפילע פון זײַן קנעכטשאַפט.

מאָזעסוויל איז אַף אַלעמענס אויגן געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט. הינטער די בײַדלעך האָבן די ווילד־פאַרוואַקסענע פעלדער ביסלעכווײַז זיך אונטערגעגעבן דער ציוויליזאַציע און, פײַכטע און טונקעלע, האָבן זיך געשוואַרצט די אויפגעאַקערטע פּאַסן ערד. סקריפּענדיקע וועגענער

מיט לאנגע פארן אקסן האבן צוגעפירט דראטן און סטויפעס און דער אקער האט געקרעכצט און איבערגעקערט גרודעס פעטע ערד. די שטילע קו און דאס געציימטע פערד האבן באצירט אונדזער לעבן מיט זייער אומשפאנען איבערן פעלד, וואס האט אונדז געבראכט אפן געדאנק די שאלווע פון פארצייטן, פון די ביבלישע פרידנס־טעג. אין די קילע פרימארגנס האבן יידן זיך גוטמארגן אפגעגעבן בא די ברונעמער און מיט זייערע קלינגענדיקע שטימען געדעקט דעם גערויש פון דער קייט אף דער ראד. די גוטמארגנס האבן אין זיך געהאט עפעס פון הייליקער אווודע אינעם שטילן בעריישיסדיקן ארום.

איך האב געהאט א ווייסע שקאפע, א שנעלע, א שלאנקע, וואס פלעגט דעם האלדז אויסציען ווי א בויגן און טרעטן אף צוריק אונטערן דרוק פונעם ציימל, און איך פלעג עס שטענדיק טאן ווען א קאלאניס־טיש מיידל איז פארבייגעגאנגען. געווען בין איך, ווערליק מיין עלטער, א געוואגטער רייטער און פלעג ווייט אוועקרייטן איבער דעם מאזעס־ווילער סטעפ זיך יאגנדיק נאך א ביקל, וואס האט זיך אפגעטיילט פון דער סטאדע, אדער נאך די קוים אנגעזעענע שפורן פון א שטרויס־פויגל. נאכמיטיק פלעג איך גיין אין געצעלט פון א הינקענדיקן און געהויקערטן יידן, וואס האט מיט מיר געלערנט העברעיש, און פארנאכט פלעג איך גיין מיט מיין טאטן אין שול אריין, ווו איך האב ליב געהאט איינהערן זיך צו די וויקוכים פון די אלטע לייט און ווי זיי טייטשן אויס די נישט קלארע פסוקים אין דער טוירע. נאנט פון אונדז האט א שפאניער אוועקגעשטעלט א קלייטל מיט א שענק. אהין פלעגן זיך צונויפקומען די פעאנעס, וואס האבן געארבעט אף די פאשע־פלעצער, און מיט דער צייט איז דארט געווארן א טראקט. גאוטשאס פון די נאנטע באן־סטאנ־ציעס, אקסן־טרייבער און אויך פינצטערע פארשווינען פלעגן זיך אפ־שטעלן בא דער הייזקע, צובינדן צו די סטויפעס זייערע פערד, אף דעם קרעאלישן שטייגער אנגעזאטלטע. ניט זעלטן פלעגן דארט פארקומען ביטערע געשלעגן און, פון הינטערן טאמבאנק, וואס איז פון פארנט פאר־שטעלט געווען מיט גראטעס, קעדיי זיך צו פארטיידיקן פון א מעגלעכן אנפאל, פלעגט דער שפאניער זיי איינשטילן מיט זיין געשריי. די קא־לאניסטן האבן געקוקט אף דעם שענקל ווי אף א בייזן אנשיקעניש און האבן אפט גענעבן אנצוהערן דער אדמיניסטראציע, אז מען וואלט עס

באַדאַרפֿט אַפּשאַפֿן. מיט אייניקע טעג צוריק האָט דאָרט פּאַסירט אַז ערנסטע זאַך. אַ גאַוטש, מיט אַ פֿאַרדעכטיקן פּאָנעם, פֿול מיט שראַמען, אַ טונקעלער, מיט אומרויִקע אויגן, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך אַ לאַנגן מעסער, האָט אַוועקגעפֿירט אַ פֿערד פֿון דער קאָלאָניע. דער באַלעבאָס פֿונעם פֿערד האָט זיך געקלאָגט באַם נאָנטן פּאָליציי־פּאָסטן און מען האָט באַלד אויסגעפֿונען דעם גאַנעוו און אים געצוואונגען אומקערן דאָס פֿערד. געווען איז דער גאַוטש אַ וואַגאַבונד, וואָס האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין דער געגנט, אַ פּויליאַק, אַ שלעגער און אַ שיקער. נאָכדעם ווי ער האָט אומגעקערט דאָס פֿערד, איז ער געוואָרן נאָכמער אַרײַנגעייער אין שענק, האָט דאָרט פֿאַרבראַכט די אָוונטן און פֿאַרפֿירט געשלעגן מיט די אַנדערע גאַוטשאָס. געווען איז עס פֿאַר פּייסעך און די קאָלאָניסטן האָבן זיך געגרייט צום יאָנטעוו. יענעם טאָג האָט דער וואַגאַבונד פֿאַרבראַכט פֿון גאַנץ פֿרי אין שענק און איז געווען לאָט שיקער. די זון האָט שוין געהאַלטן באַם זעצן זיך. איבערן וועג האָבן אומגעשפּאַנט קאָלאָניסטן. מיר זײַנען געזעסן פֿאַר דעם בײַדל און געטרונקען טיי. מיר האָבן געשמועסט פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן און געזאָגט האָט מען — געדענק איך — אַז ס'איז אַ סאָקאָנע דאָרט צו וווינען אַז געוועהר באַ זיך. און פֿון די קאָלאָניסטן האָט בעעמעם קיינער אַפֿילע קיין ביקס נישט געהאַט אַף צו שיסן אַ קוראָפּאַטווע. פּלוצים האָט זיך באַוויזן דער גאַוטש מיט דעם הוילן מעסער, וואָס ער האָט געדרייט אין דער לופֿטן. איין אויגנבליק האָט דאָס געדויערט, איין שרעקלעכער אויגנבליק. געשרייען פֿון שרעק האָבן די לופֿט צעשפּאָלטן. אַ מינוט פֿון אומבאַשרײַבלעכער צערודערונג איז דורכגעלאָפֿן און באַלד האָבן מיר דערזען ווי גרויס אונדזער אומגליק איז. איך ווייס נישט וויאַזוי, נאָר באַלד זײַנען מיר געווען אינעם הויז פֿון דער אַדמיניסטראַציע, וואָס איז געווען קעגנאיבער אונדזער בײַדל. אויסגעצויגן אַף דער ערד איז געלעגן מײַן פֿאָטער אַ פֿאַרבלוטיקטער און אַף צוויי קאַטרעס, אין דערבײַיִקן כיידער האָבן ווײַבער געהיילט מײַן מוטער, אַ געפֿערלעך פֿאַרוווּנדעטע, און מײַן עלטערע שוועסטער, אויך אַ פֿאַרוווּנדעטע. די גאַנצע קאָלאָניע, אַ נידערגעשלאָגענע, איז געווען אין הויף, ווו מען האָט דעם מערדער אַף טויט צעקלאַפּט מיט די פֿויסטן: דעם קאָפּ צעפֿלעטשט און דעם גאַנצן גוף צעשעדיקט.

מײַן פֿאָטער האָט מען מעקאַבער געווען אַף דעם קלײנעם מאָזעס־ווילער בײסוילעם און אַף זײַן מאַצײווע האָט מען אויסגעקריצט אַן אויפֿשריפֿט, וואָס מען האָט פֿאַרפּאַסט אין שול אינעם קלאַסישן העברעיִש: „דאָ ליגט באַהאַלטן ר׳ גערשן גערשונאָוו. באַליבט בײַ זײַן לעבן פֿאַר זײַן גרויס וויסן און געשעצט פֿאַר זײַן הויכן פֿאַרשטאַנד. אַן אויסדערוויילטער און רעכטפֿאַרטיקער מענטש”. וואָכן־לאַנג זײַנען מיר פֿון שטוב נישט אַרויסגעגאַנגען. אין די נעכט פֿלעגן קומען די שכנים אונדז טרייסטן, און דער אַלטער שול־גאַבע פֿלעגט אונדז שטענדיק דערציילן די זעלביקע אומפֿאַרשטענדלעכע מעשׂה מיט דעם גענעראַל קאַקאַראַוו, וואָס ער, דער אַלטער, האָט אַמאָל געהאַט דעם קאָוועד מיט אים צו ריידן. בײַ דער מינדסטער געלעגנהייט פֿלעגט ער אַרויסקומען מיט דעם דאָזיקן גענעראַל, וואָס איך בין נישט גאָר זיכער, אַז אַזעלכער איז טאַקע געווען: דער אַלטער פֿרײלעכער פּלוידערזאַק האָט געהאַט אַ פֿאַנטאַזיע פֿון אַ פּאָעט...

דערשלאָגן מיט דעם אָנדענק פֿון דער טראַגישער געשעעניש, זײַנען מיר אַוועק פֿון מאָזעסוויל און האָבן זיך איבערגעצויגן קיין ענטרעריִאָס. באַזעצט האָבן מיר זיך אין דער קאָלאָניע ראַכיל. דאָרט זײַנען מיר געוואָרן קאָלאָניסטן אינעם פֿולן זינען פֿונעם וואָרט, און אין ראַכיל, וואָס וועגן איר האָב איך געשריבן אַף אַן אַנדער אָרט, זײַנען פֿאַרבײַ עטלעכע יאָר פֿון מײַן לעבן.

אינאײנעם מיט מײַן ברודער, האָב איך געאַקערט, געפֿירט די שנײַדמאַשין, געהיט די בעהײמעס. דער אַקסנטריײַבער, אורקיזאַס אַן אַלטער זעלנער, האָט מיך פֿאַרפֿולקאָמט אין דער רײַט־קונסט און האָט מיך געלערנט ווי זיך צו באַגײן מיט דעם לאַסאָ און מיט די באָלעאַדאָראַס. ווי אַלע ייִנגלעך פֿון דער קאָלאָניע, האָב איך אויסגעזען ווי אַ גאַוטש. איך האָב געטראָגן ברײטע באָמבאַטשאַס, אַ הוט מיט ברײטע ראַנדן און שטיוול מיט קלינגענדיקע שפּאָרן. פֿונעם שפּיץ זאָטל בײַ מיר האָט אַראָפּגעהאָנגען דער לאַסאָ מיט אַ גלאַנציקן רינג און פֿונעם גאַרטל, לעבן דעם מעסער, האָבן אַראָפּגעהאָנגען די בליײַערס.

קײן אײן גאַוטש אין מײַן עלטער האָט זיך נישט געקענט באַרימען, אַז ער וואַרפֿט אום אַזוי פֿלינק ווי איך אַ ווילדן ביק מיט אַ ריקאַשעט פֿון די בליײַערס, אָדער אָפּשטעלן אַ ווילדן לאַשיק אינמיטן

לויפן מיט דעם לאַסאָ אַרום די פיס. מײַן ליבסטע אַרבעט איז געווען היטן די בעהיימעס לעבן אַ גרויסער ריטשקע, ווו אונדזער נאָכלע האָט געגרענעצט. דאָרט פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען, די קאָלאָניסטישע יונגלעך, בעראָש מיט דעם אַלטן קרעאָלישן אַקסנטרײַבער, וואָס האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט קײַען זײַן ציגאַר פון שוואַרצן טאַבאַק און האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט מאַטע. דער אַקסנטרײַבער האָט גע־האַט אַ שוואַכקייט צו מיר. איך פלעג לויבן זײַנע לידער, וואָס ער פלעגט באַגלייטן מיט זײַן איינטאָניקן רימפּלען אויף זײַן אָנגעשפּאָלטענער גיטאַרע. און ווען איך פלעג אים בעטן, פלעגט ער דערציילן זײַנע אויפטוען פון אַ העלדישן זעלנער. געווען איז ער דער בווירער בעייכ די פערד־פאַרמעסטן צווישן די יונגלעך. באַאַרבעט האָבן מיר דאָס פעלד, פאַרזייט. דאָרט, אין ראַכיל, האָב איך מיך אָנגעזאַפּט מיט לע־גענדעס פון יענער געגנט. די טראַדיציעס, די געשעענישן, די באַרימטע מײַסים פון די אָרטיקע מילכאָמע־העלדן האָבן מײַן ווען אָנגעפּילט און די ניט אַרומגעשליפענע נאָר קאָלירפולע גאַוטש־מײַסעס, נאַזווע ראַפּ־סאָדן פון אַרגענטינישן אַוואַר, האָבן מײַן האַרץ צעעפנט פאַר דער־סטעפּישער פּאָעזיע און האָבן מיר געגעבן צו פאַרזוכן דעם טאַם פון דאָס עכט־אָרטיקע און געגנטלעבע, האָבן מיך דורכגענומען מיט דער שטאָלצער פרײַהייט, מיט דער שטאַרקער ליבע, אויף דעם קרעאָלישן שטיי־גער, צו דאָס געבירטיקע, וואָס האָט שפּעטער באַשטימט מײַן געדאַנק־לעכן וועג. אָפּן שוים פון יענער נאַטור וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכן ניט, אונטער יענעם הימל, וואָס איז איינציק אין זײַן מין, אויף דער ראַכוועסדיקער שאָלווע פון דעם סטעפּ, וואָס איז מיט טײַכן דורכגע־שנימן, איז מײַן לעבן געזאַלבט געוואָרן מיט אַ גלויביקן פײַער, וואָס האָט אָפּגעמעקט מײַן רוסישן אָפּשטאַם און האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אַרגענטינער.

* * *

געקומען זײַנען יאָרן פון אומגערעטעניש. איינמאָל האָבן מיר דער־זען אַ כמאַרע אַנקומען, וואָס איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, ביז פינצ־טערניש. געווען איז דאָס דער הייזשעריק, און מיט אַ פּאָר שאָ שפּעטער איז דער גרינס־גאָרטן און דער פאַרזיי באַדעקט געווען מיט דער פּלאָגע.

אלע זײַנען מיר ארוים, מענער, פרויען און קינדער, מיט זעק און מיט בלעכן, אים צו פארטרײַבן. דער ווייץ איז שוין געהאט געשטאנען הויך און דער גארטן האט געבליט. געקעמפט האבן מיר מיט אלע קויכעס, געריטשעט, געשריגן. די מאטערניש און די כמארע האבן אונדז פון די קויכעס ארויסגעשלאגן. און ווען די לעוואנע, א פרעכטיקע, א מילדע, האט באלויכטן די קאלאניע, האט מען אין די טרויעריקע הײַזקעס געהערט בלויז דאס זיפצן פון די קאלאניסטן און דעם ביטערן געוויין פון די ווײַבער. די קלאלע איז אף אונדז געליגן דרײַ יאר נאכאנאנד.

ראכיל, ווי די אנדערע קאלאניעס, איז פונדעסטוועגן געוואקסן, נישט געקוקט אף דעם דורכפאל. אויפגעקומען איז ביסלעכווײַז א געזעלשאפטלעך לעבן און טיפער געווארן זײַנען וואס ווײַטער די פארבינדונגען צווישן די פאמיליעס פון די פארשיידענע צענטערס, צעווארפענע איבער א גרויסן שטעטך. געפלאנעוועט האט מען אויסצובויען א שול צום דאווענען און א שול צום לערנען די קינדער, און די יידן זײַנען זיך צוזאמענגעקומען באטראכטן דעם איניען, און אזוי ווי בא דער פארזאמלונג האבן די יונגע געהאט די אויבערהאנט, האט מען באשטימט אויפשטעלן א קינדער־שול, די ערשטע אף דעם ישעוו. איינגעארדנט האט מען די שול אין א בלעכענעם שפײַכלער, און פון אלע זײַטן זײַנען מיר, יינגלעך, געפארן אהין מיט די בינטלעך איבערבײַסן אף די זאטלען אנגעהאנגען. זייער גיך האב איך מיך אויסגעלערנט די סטראפן פונעם ארגענטינישן הימן, און בעיים די האפסאקעס פלעגן מײַנע כאווירים זיך ארומזעצן ארום מיר, רייכערן ביגנייווע, און איך פלעג דערציילן די גאוטש־מײַסעס און גאוטש־לעגענדעס, וואס איך האב געהערט פונעם ראכילער אקסנטרײַבער. מײַן מוטער, וואס האט נאך אלץ געלעבט אונטערן אײַנדרוק פונעם טראגישן פארנאכט אין מאזעסוויל, האט זיך געריסן פונעם דארף און זי האט בא אונדז געפועלט מיר זאלן ארויספארן קיין בוענאס־אײַרעס.

געגאנגען איז דעמאלט דאס יאר 1895. אנגעהויבן האט זיך דערמאלט מײַן אומזיכער לעבן און מײַן אומגיין פון איין ארט אפן אנדערן. מײַן מוטער האט זיך פארלייגט איך זאל שטודירן. נאר בא יענע אומשטענדן, ווען מען האט געמוזט פארדינען אף ברויט, איז דאס נישט מעגלעך געווען. וויאזוי פארדינט מען אף ברויט? קיינער פון

אונדז האָט נישט געהאַט קיין פּאַד אין דער האַנט. סאָפּקאָלסאָף האָב איך באַקומען אַרבעט באַ אַ ייִדן. געווען איז עס ערעוו פּייסעך און איך האָב מיך געשטעלט פאַר אַ קנעטער באַ אַ מאַצע־בעקער. די בעקערײַ איז געווען זייער ווײַט פון אונדזער וווינונג און איך פלעג אויפשטיין פאַרטאָג. באַנאַכט פלעגט מיך אַ שפּאַנישער אַנטרײַבער לערנען לייענען אין אַ ראָמאַן וואָס מען האָט פונאַנדערגעשיקט העפטנווײַז. דאָס מאַצע־באַקן האָט זיך פאַרענדיקט און איך בין ווידער געבליבן אָן פּאַרנאָסע. מען האָט געמוזט אַ טראַכט טאָן וועגן אַ פּאַד, און מיט אַ רעקאָמענדאַציע בין איך אַרײַן פאַר אַ לערן־ייִנגל אין אַ שלאָסערײַ. אוועקגעשטעלט האָט מען מיך אין דער ניקל־־אָפּטיילונג, צווישן אַ כאַפּטע טומלדיקע ייִנגלעך, וואָס דאָס הייזעריקע קאָל פונעם קאַפּאַטאַס האָט זיי קוים געקענט איבערשרײַען. איבערגעבויגן איבער אַ קופּל מיט קאַלך, האָב איך אַ גאַנצן טאָג געפּוצט שטיקער בראָנדז, וואָס איך פלעג דערנאָך אַרײַנלייגן אין אַ בלעך מיט זודיקער זאָלע. דערפון זײַנען מיר די פינגער געשוואָלן געוואָרן און זיך צעעפנט. באַטאָג איז נאָך געווען צו דערלײַדן. באַנאַכט איז עס אומדערטרעגלעך. דאָך איז מיר דאָס שלאָסער־פאַך געפעלן געווען, און ווען איך האָב נישט געהאַט וואָס צו טאָן אַף דער גאַלעריע פון דער ניקל־אַרבעט, פלעג איך אַראָפּגיין אין דער גיסערײַ אָדער צו די שמידן אויסצולערנען זיך עפּעס דערפון וואָס מיך האָט אינטערעסירט. נאָך אַ כוידעש צײַט, האָב איך שוין גוט געשליפן און האָב מיך שוין געקענט נוצן מיט נישט ווייניק אַפּאַראַטן. איך וואָלט שוין באַ דעם פּאַד פאַרבליבן, ווען עס געשעט ניט אַ שרעקלעכע זאַך, וואָס האָט געצוווּנגען מײַן פאַמיליע מיך פון דאָרט אַרויסצונעמען. איך מײַן דאָ דעם טויט פונעם מאַשיניסט. אַן איטאַליענער איז ער געווען מיט מוירעדיק ברייטע פּלייצעס, אַ פּאַשעטער און גוטער מענטש. ערשט אַ כוידעש, אַז ער איז געווען כאַסענע געהאַט. אין אַ פרימאָרגן, בעיס ער האָט געלאָזן דעם מאָטאָר, האָט אים דער פּאַס פאַרטשעפּעט די בלוזע. פונקט דעמאָלט ווען איך האָב געהאַלטן אין צוגרייטן די זאָלע, האָב איך דערהערט אַ שרעקלעכן קלאַפּ: אַף דער ערד איז געלעגן אַ צעקאַליעטשעטער דעם מאַשיניסטס גוף אָן דעם קאָפּ און אַף דער סטעליע צעשפּריצט אַ גרויסער בלוט־פלעק.

איך האָב נאָכגעגעבן מײַן מאַמעס האַרציקער באַקאַשע, האָב אוועק־

געווארפן דאס שלאסער־פאך און בין אריין צו א ציגארעטן־מאכער, ווו איך האב פארדינט פופצן פעזעם א כוידעש מיט אנבייסן און האב אויסגענומען, אז ווי נאר איך וועל מיך אויסלערנען, זאל מען מיר צאלן פון דער מייע. אין א כוידעש ארום פלעג איך שוין אויסארבעטן טויזנט ציגארעטן א טאג. דער באלעבאס, פארשטייט זיך, האט זייןווארט נישט געהאלטן. איך האב ווידער געמוזט בייטן דאס פאך, מאכמעס די אנדערע ציגארעטן־מאכער האבן שוין גענוצט מאשינען, וואס דאס איז גאר אן אנדער ארבעט פון דער וואס איך האב מיך אויסגעלערנט. אזוי ארום בין איך געווארן א שמוקלער. די ארבעט איז א שיינע און זי איז מיר גיך ליב געווארן. פאמעלעכן האב איך מיך געלערנט די מעלאכע. איך האב געשפונען, געקענט פארבן זייד, געפלאכטן מעשונעדיקע פאזעמענטן און בין פלינק געווען באם וועבשטול. איך האב שוין אפילע באוויזן אפצוקאפירן א פארצייטיקן פאזעמענט א צענטימעטער די ברייט. קורץ, איך האב מיך שוין געהאט ארויפגעארבעט צו דער קאטעגאריע פון א דעבטרעגלעכן ארבעטער און דער באלעבאס, א בייזער און קורצזיכטיקער ייד מיט א פארגעלט פאנעם, האט מיך פאר אלע ארבעטער אין די אויגן אויסגעליבט ווי דעם שנעלסטן איינפעדעמער וואס ער האט ביז איצט געהאט. באנאכט האב איך געלערנט. מיינער א פריינט האט מיך געלערנט גראמאטיק, געשיכטע, נאטור־וויסנשאפט. א כאווער בא דער ארבעט, א דארער עסטוריאנער, א ווערטלזאגער, האט מיר געגעבן צו לייענען „דאן קיכאט", וואס איך האב אים פון דעמאלט אן ליב מיט אן אויסשליסלעכער און טיפער ליבע.

מיינע אספיראציעס זיינען שוין געווען נישט פון קיין פאשעטן ארבעטער. געכאלעמט האב איך צו מאכן מיין שטודיום מעטאדיש, אפגעבן עקזאמען אין דער מיטלשול. געלאקט האט מיך דער רום פון א דאקטאר־טיטל. איך פלעג מיך אפפארטיקן מיט דער ארבעט אין פאבריק און זיך נעמען צו די ביכער. געמישט די טרוקענע טעקסט־ביכער מיט א זשעדנעם לייענען מיין „קיכאט", די טויזנט און איין נאכט, וויקטאר הוגאס ראמאנען. א נייע וועלט האט זיך צעעפנט פאר מיין אומבארירטער נעשאמע און בעשאס איך פלעג שטיין אן איבערגעבויגענער איבער די טראפעציעס פונעם וועבשטול און ריטמיש ווארפן דאס סקריפענדיקע שיפל, פלעג איך זען דאן קיכאטן אף זיין מאגערער

סליאַטשע, גאַווראַשן ווי ער זינגט אַף דער באַריקאַדע און די ריזן פון דעם אַראַבישן בוד.

געווען איז עס די צײַט, ווען מיר זײַנען צו דער האַנט געקומען די ערשטע ערנסטע ביכער, וואָס איך פלעג איבער זיי אײַנשלאָפן אַ פאַר־מאַטערטער, און ווען איך פלעג עפענען די אויגן, פלעג איך דערזען דאָס ביינינקע און צעקנייטשטע פּאָנעם פון מײַן מאַמען, וואָס פלעגט נישט גיין שלאָפן ביז זי האָט מיך נישט גוט אײַנגעדעקט אין די קאַלטע ווינ־טער־נעכט, ווען דער ווינט האָט געקרעכצט אינעם רוסישן קאָנוועטנטי־זשאַ־הויף. אַ סטודענט פון מעדיצין האָט מיר געגעבן לעקציעס לויטן פּראָגראַם, נאָר מיר איז שווער געווען צו שטודירן און אַרבעטן. ווידער, האָב איך נישט געקענט אָפּלאָזן די אַרבעט, מאַכמעס איך האָב באַ־דאַרפט פאַרדינען אַף כאַיונע. דרײַ יאָר האָב איך אָפּגעאַרבעט אין פּאַ־בריק ווי אַ פּאַשעטער אַרבעטער און אָפן סאָף האָב איך געפּויעלט מען זאָל מיך לאָזן, פאַר אַ דריטל לוין, אַרבעטן בלויז ביז מיטיק. אַזוי אַרום האָב איך געקענט צוגרייטן מײַנע עקזאַמענס און האָב זיי אָן שווערי־קייטן אָפּגעגעבן. נאָך אַ פּראָבלעם האָט זיך פאַר מיר אָוועקגעשטעלט: וווּ וועל איך נעמען געלט אַף ביכער און אײַנשרײַבן זיך? אַ שאַכן, אַ באַלעבאָס פון אַ קליין צעלניק־קלייטל, האָט מיר פאַרגעלייגט צעלניק־אַרטיקלען אַרומצוגיין מיט זיי אין גאַס. געווען איז דעמאָלט קאַניקול־צײַט פון יאָר 1899. איך האָב אַף זיך גענומען אַ גרויסן פּאַק און, פון זון ביז זון, אויסגעשריגן די באַקאַנטע סכוירעס. איך האָב געשפּאַנט לענגויס דעם האָפן, וואָס האָט גאָר קיין סאָף נישט געהאַט, ביז אַרײַן אין די פאַרשטעט און אַזוי אומגעשפּאַנט לאַנגע וואָכן, ביז איך האָב צונויפגעשלאָגן אַ נישטיקע סומע, וואָס איך האָב אַף דער מינוט נייטיק געהאַט. אָט די אַרבעט האָט מיר פאַרשאַפט די גרעסטע לײַדן און די גרעסטע דערנידערונג אין מײַן לעבן. ווי די מײַסע איז, איך האָב אָנגע־זאַמלט די נייטיקע פאַר פּעזעס און האָב מיך אײַנגעשריבן אין דער מיטל־שול. איך בין שוין געווען גענוג געלערנט און האָב מיך ספּעציעל איבערגעגעבן צו גראַמאַטיק און געשיכטע. בעטעווע אַז אומרויקער, מיט אַ פאַרשאַרפטן נײַגיר, האָב איך געלייענט אַן אַ שיר און כאַאָטיש. ביז געגאַנגען אַף רעפעראַטן, האָב מיך אינטערעסירט מיט לאַנד־אינטערעסן, האָב דיסקוטירט מיט מײַנע שול־קאָלעגן איבער טאָג־פראַגן. דעמאָלט

איז עס געווען ווען איך האָב באַקומען מײַן בירגער־ביכל. מײַן גרעסטע ערגערניש איז געווען וואָס איך בין נישט גלײַך מיט אַנדערע, דאָס הייסט, וואָס איך בין נישט קיין אַרגענטינער. איך האָב אַמאָל גערעדט וועגן דעם מיט מײַן פּראָפעסאָר פון גראַמאַטיק, האָט ער זיך שטאַרק צע־לאַכט און האָט מיך האַרציק אַרומגענומען. איך בין דעמאָלט אַלט גע־ווען זעכצן יאָר און עס האָבן מיר נאָך געפעלט צוויי יאָר אַף צו קענען זיך נאַטוראַליזירן. אַפן צווייטן טאָג, האָט מען מיך אַרײַנגערופן צום רעקטאָר אין קאַבינעט. אַז איין וואָרט מיר צו זאָגן, האָבן דער רעקטאָר מיט דעם פּראָפעסאָר מיך אַרײַנגעשטופּט אין אַ קאַטש.

— וווּהין פאָרן מיר? — האָב איך נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן.

— מענטש איינער! — האָט דער רעקטאָר זיך אָנגערופן. — פאַר אַן אַרגענטינער אײַך צו מאַכן!... צי דען זײַט איר עס ניט אין דע־עמעסן?

איך האָב ווידער אָפּגעגעבן די עקזאַמענס. אָבער ווי־אַזוי פאַרדינט מען איצט אַף כאַיונע? די פראַגע האָט מיך געפּײַניקט און האָט מיר פאַרשאַפט זאָרגן. איך האָב געהאַט אייניקע לעקציעס בײַ ייִדישע אַר־בעטער, וואָס האָבן מיר געצאָלט זייער ווייניק און די דאָזיקע פאַר־דינסטן, ניט נאָר זיכערע, האָבן נישט געקלעקט אַף דאָס נייטיקסטע. דאָס צווייטע יאָר האָב איך שוין נישט געקענט לערנען ווי אַ רעגולע־רער טאַלמיד. אומזיסט האָבן סײַ די פּראָפעסאָרן און סײַ דער רעקטאָר געזוכט פאַר מיר אַ שטעלע, אומזיסט האָב איך מיך אַליין באַמיט עפּעס צו געפינען. פרײַ פון אַ שטרענגן פּראָגראַם, פלעג איך די צײַט פאַר־ברענגען אין דער מעלוכע־ביבליאָטעק און נעבלעטערט ביכער. בעיס די עפנטלעכע רעפעראַטן האָב איך געשלאָסן קאָנטשאַפט מיט אייניקע שרײַ־בער און זשורנאַליסטן, און אַזוי אַרום בין איך, צוליב מײַנע נייגונגען, אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער ליטעראַטור און אין דער זשורנאַליסטיק. איך פלעג קומען צו זייערע מעסובעס און האָב ליב געהאַט צו הערן זייערע שמועסן. זיי האָבן זיך צוגעוווינט צו מײַן אַנוועזנקייט און עס האָט זיי פאַרינטערעסירט דאָס וואָס איך האָב זיי דערציילט וועגן ייִדישן לעבן. אָנגעהויבן האָב איך אַרײַנשמעקן אין די רעדאַקציעס און האָב אַ לאַנגע צײַט געלעבט דאָס באַהעמע־לעבן. געגנט־אויסגאַבעס און יונגע זשורנאַלן האָבן אָנגעהויבן אָנצונעמען מײַנע נישט דרייסטע עסייען און

אין אַ שיינעם טאָג, סעפּטעמבער 1903, האָט מען מיר פּאָרגעלייגט אײַ־בערצונעמען די רעדאַקציע פון „על סענסאַר“, אין דער שטאָט ראָזאַריאָ. די אָנפירונג מיט אַ צײַטונג איז מיר נישט באַקאַנט געווען און מיר האָט אַ סאַך מי געקאָסט ביז איך בין היימיש געוואָרן מיט דער עלע־מענטאַרסטער צײַטונגס־טעכניק. „על סענסאַר“ איז געווען אַ צײַטונג פון דער אָפּאָזיציע און מײַנע אַרטיקלען, שטורמישע, ווי פון אַן אָנפאַנגער, פלעגן פון צײַט צו צײַט אַרויסרופן אין דער פּראָווינץ־שטאָט אַ קליינעם סקאַנדאַל, וואָס איז געגנוג געווען מיך אײַנצושרײַבן צווישן די פּרעסע־מענטשן. די צײַטונג האָט זיך געשלאָסן און איך בין צוריקגעקומען קיין בוענאָס־אײַרעס מיט אַ געוויסער פּאַך־קענטעניש. אַרײַנגעטראָטן בין איך אין „על פּאַיס“. דאָרט האָט מען אַף מײַן האַנט איבערגעגעבן די אייראָפּעיִשע טעלעגראַמעס, נאָך צוזאַמען דערמיט האָב איך געשריבן פון אַלץ. טאָג־טעגלעך האָב איך מיך פּאַרנומען מיט לאַנד־פּאָליטיק, מיט ליטעראַטור־קריטיק, מיט פינאַנצן, מיט אויסערן־פּאָליטיק. אין „על פּאַיס“ בין איך מיט אַן עמעסן געוואָרן אַ זשורנאַליסט, וואָס איז בע־קויעך אויפצונעמען, נאָטירלעך, אינעם גווּל פון אַ מיטלמעסיקן טאַן, אַוועלכע עס איז אַרבעט. יאָרן־לאַנג בין איך פּאַרבליבן אין דער צײַטונג און האָב אויסער איר מיטגעאַרבעט אין פּאַרשיידענע זשורנאַלן.

מײַן אַרויספאָרן פון דער קאָלאָניע, ווידער, האָט נישט געמיינט, אַז איך שלים מיך אוים פון ייִדן. די ייִדישע געמיינשאַפט איז אויך געוואַקסן אין דער הויפּטשטאָט, און האָט געבילדעט, אויב נישט קיין באַדײַטנדיקן, איז אַן אָנגעזעענעם קרײַז, מיט איר אינטענסיוון אָנטייל אין האַנדל און מעלאָכע. געווען זײַנען שוין ייִדן אין די מיטלשולן און אין די אוניווערזיטעטן, אין אַ היבשער מאָס. פליַיסיקע טאַלמידים, אויס־טערגעווײנלעך ענערגישע, מיט אַ שטאַרקן און פעסטן ווילן. אָבסערווירט האָב איך דאָס ייִדישע לעבן און האָב פּאַרטראַכט אַ פּלאַן דאָס צו שטו־דירן, ווי דאָס אַנטוויקלט זיך אין אַ פרײַער אַטמאָספער, אַן פּאַרפּאָל־גונגען, גלײַכע מיט אַלעמען. צי וואָלט דען ניט אינטערעסאַנט געווען צו באַווײַזן דאָס ייִדישע לעבן נישט אין דער צוגעוווינטער אומגעבונג פון קנעכטשאַפט, נאָר באַפרײַט פון שטענדיקן מאַרטירערטום, וואָס דערהייבט עס אין סטאָיִשקייט אָדער פּאַרזינקט עס אין דערשלאָגנקייט?

געווען בין איך דעמאָלט ליטעראַטור־קריטיקער אין „לאַ נאַסיאָן“.

אַז אַפּגעזעצטער און אַ באַרויקטער, האָב איך באַוויזן דורכצופירן עפּעס דערפון, וואָס איך האָב מיר פירגענומען. אין 1910 האָב איך אַרויס־געלאָזט אַ בוך, וווּ איך האָב געפּרוּווט שילדערן די פירונגען פון די ייִדישע פויערים.

איך האָב אַ סאַך דורכגעמאַכט, האָב אָנגעפירט צײַטונגען איבערן לאַנד, בין געווען סוב־דירעקטאָר פון „לאַ מאַניאַנאַ" און שפּעטער האָב איך פאַרנומען דעם הויפּט־אַמט אין „לאַ גאַסעטאַ דע בוענאָס אײַרעס". אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ זשורנאַליסט נאָכדעם ווי איך האָב גע־וואַנדערט פון אָרט צו אָרט, פון פּאַך צו פּאַך. דאָס לעבן, זייער אַ שווערס, זייער אַ געפּײַניקטס, האָט מיך געלערנט דאָס ליב צו האָבן אַ דאַנק דעם לײַדן און האָט אין מיר אײַנגעוואָרצלט דעם סענטימענט פאַר מענטשלעכן ווייטיק און, מער ווי די ביכער, האָט עס באַפעסטיקט מײַנע אידעען. און דערום האָב איך ליב דאָס ייִדישע פאָלק, מאַכמעס קיין אַנדער פאָלק ווייס נישט פון אַזוי פיל לײַדן און פאַרפאָלגונג, און קיין אַנדער פאָלק באַגרײַפט דערום אויך נישט אַזוי דעם נוצן פון דער פרײַהייט. דאָס ייִדישע פאָלק ווערט דערלייזט מיט גערעכטיקייט און מאַכמעס אין אַרגענטינע זײַנען נישטאָ קיין רעליגיעזע אונטערשיידן, פאַרלירט עס ביסלעכוויַיז פון דער אייגנטימלעכער פיזיאָנאָמיע און וואַרפט אַראָפּ פון זיך שטופנוויַיז די שטעכיקע שפּיצן, וואָס נעמען זיך פון דער פאַרפאָלגנדיקער בײַטש. און מיר האָבן פאַר זיך אַזאַ דערשײַ־נונג: די ייִדישע קינדער, וואָס וווינען אין די שטעט אָדער אַף דעם אַרגענטינישן סטעפּ, זײַנען קימאַט אַלע שאָוויניסטן און די זקיינים אַפילע, געבוירענע אין אָדעס אָדער וואַרשע, זײַנען טיף פּאַטריאָטיש, טיף אויפריכטיקע אַרגענטינער.

אַט דאָס קען אַרגענטינע לערנען די אַלטע ציוויליזאַציעס און דע־רויף קענען מיר שטאָלץ זײַן. וואָס וואָלט מען וועגן דעם געזאָגט אין רוסלאַנד, לעמאָשל? איך, נישט ווײַט זוכנדיק, פיר אויס מעלוכישע פונקציעס און פאַראַן ייִדן, וואָס האָבן קאַטעדרעס אין די אוניווערזי־טעטן און דאָס איבעראַשט קיינעם ניט און פאַרדריסט קיינעם ניט. זיי זײַנען אַרגענטינישע בירגער און קיינעם אינטערעסירט נישט צו וויסן אין וועלכן טעמפּל זיי בעטן, צי זײַנען זיי קאַטאָליקן אָדער ניט.

בעדערעך קלאַל, האָט נישט דער ייִד קיין רעליגיעזע פאַראורטיילן.

ער איז מיסטיש און דערביַי נישט דאָגמאַטיש, דאָס הייסט, פּונקט פאַר־קערט ווי די אַנטיסעמיטן מיינען. אין אַן אַטמאָספער פון פריַיהייט וואַקסט ער זיך צוזאַמען מיט דעם לאַנד, גיסט ער זיך אַריַין אין זיַין וועזן. דער פּאַרערטער באַראָן הירש האָט דאָס גוט געוווּסט, ווען ער האָט געגרינדעט די ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס אין אַרגענטינע, אַ ריזיק ווערק פון פּראַקטישער פילאַנטראָפּיע, וואָס איז אין דער זעלביקער ציַיט אַ היסטאָרישער דאָקומענט צו ענטפערן מיט אים די סיסטעמאַ־טישע סאָנים פון דעם קליינעם ליַידנדיקן פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער ערד. נישט ווּכעריער, נישט מאַרטיר, אין אַרגענטינע איז דער ייִד אַ פריַיער מענטש. צי איז ער ביבלישער פּויער, פאַבריק־אַרבעטער אָדער גרויסער סויכער, ווערט ער זיַין וועזן אַלס אַרגענטינער נישט פאַר־ביַיטן. אַרגענטינע איז פאַר דעם ייִדן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד, אינעם געגנויסטן זין פון דער הייליקער שריפט, זי איז דאָס לאַנד פון דער פריַי־הייט.

איך פאַרמעסט מיך נישט צו באַזינגען בלויז דאָס ייִדישע לעבן: איך בין פאַר אַלעמען אַן אַרגענטינער און מיַין אַרגענטינישקייט אַריענ־טירט מיַין לעבן אַלס שריַיבער.

# גערשונאָוו — דער מענטש און שרײַבער

## לויט דאָקומענטן געזאַמלט פון מאַנועל קאַנטאָר

קעדיי פולער צו מאַכן פאַר די לייענער, אַף וויפל דאָס איז מעג־לעך אין די ראַמען פון אַן אַרטיקל, די קרעפטיקע געשטאַלט פון אַל־בערטאָ גערשונאָוו אַלס מענטש און שרײַבער, גיבן מיר דאָ איניקע אויסצוגן פון דעם בוך „אַנעקדאָטאַריאָ", וואָס איז אַ זאַמלונג פון דאַטן, מיינונגען, בריוו און רעדעס פון אים גופא, אויפגעזאַמלט און געגרייט צום דרוק דורך זײַן איידעם, דעם מאָלער מאַנועל קאַנטאָר.

„איניקע טעג נאָך דעם טויט פון אַלבערטאָ גערשונאָוו — שרײַבט מ. קאַנטאָר אין זײַן אַרײַנפיר צו דעם בוך — האָב איך צווישן זײַנע פאַרבליבענע קסאַווים געפונען אַ העפטל פון 27 זײַטן געדיכט פאַר־שריבענע מיט פיאָלעטעווער טינט און מיט זײַן געפרעסטן, סטיליזירטן, האַרמאָנישן און טיילמאָל נישט לעזבאַרן קסאַוו. געווען איז עס זײַן אויט־טאָביאָגראַפיע, געשריבן אין יאָר 1914 אין פּאַריז. באַם לעבן האָט ער מיט אונדז קיינמאָל נישט גערעדט וועגן איר עקזיסטענץ.

„איך האָב דעם געפונענעם העפט איבערגעגעבן צום דרוק איניינעם מיטן קסאַוו־יאַד פון זײַן לעצטן פאַרן טויט צוזאַמענגעשטעלטן בוך „ענ־טרע־ריאָס מי פּאַיס" (ענטרע־ריאָס מײַן לאַנד), האַלטנדיק זי פאַר אַ טייל פון דער ענטרע־ריאָסער טעמע. די אויטאָביאָגראַפיע קומט איצט ווי אַן אַרײַנפיר צו דער אויסגאַבע פון „ייִדן גאַוטשאָן" דורכן איקוף־פאַרלאַג אין ייִדיש, אין מאַמע־לאָשן, ווי גערשונאָוו האָט גערופן דעם ייִדיש, וואָס ער האָט ליב געהאַט.

„בעיים „ייִדן גאַוטשאָן" און זײַן אויטאָביאָגראַפיע זײַנען אַ געטרײַ בילד פון זײַן לעבן אַלס קאָלאָניסטישער ייִנגל און אַלס שטאָטישער אַר־

בעטער, איז זײַן דערציילונג „על דיאַ דע לאַס גראַנדעס גאַנאַנסיאַס" (אַ טאָג פֿון גרויסע רעוואכים), וואָס גייט אַרײַן אינעם באַנד „דערציי־לונגען פֿון אַנומלט", אַן עמעסע פּאַסירונג פֿון זײַנע טעג אַלס גאַסן־הענדלער און אָרעמער שטאָטישער סטודענט.

„צו די דרײַ געטרײַע צום עמעס אויטאָביִאָגראַפֿישע זאַכן, מוז מען נאָך צוגעבן דעם ברייט־פֿאַרנעמיקן „אַנעקדאָטאַריום", וואָס איך האָב צונויפֿגעזאַמלט און פֿון דאָרט נעם איך אַרויס די עטלעכע דאָקומענטן, וואָס זאָלן אין גרויסע שטריכן באַלײַכטן די וויניק באַקאַנטע זײַטן פֿון אַט־דעם פּרוכטבאַרן לעבן, וואָס האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ ברייטן שפּור אין דער קאַסטעליאַנישער ליטעראַטור און צווישן זײַן דאָר אַר־גענטינער און ייִדן.

„אַלבערטאָ גערשונאָוו איז אויפֿגעקומען אין דער מאָדערנער אַר־גענטינישער ליטעראַטור אינײנעם מיט איר, ער האָט זי געפֿורעמט און זיך אַליין געפֿורעמט זײַט באַ זײַט מיט זײַנע לערער און כאַווירים רו־בען דאַריאָ, ראָבערטאָ פּײַראָ, לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס, פֿלאָרענסיאָ סאַנ־טשעז, כאָסע אינכעניעראָס, עוואַריסטאָ קאַררעגאָ, ענריקע באַנקס א"א.

„ווען רובען דאַריאָ און לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס זאָגט גערשונאָוו, אַז „זיי זײַנען דעמאָלט געווען די גרעסטע דיכטער אין דער קאַסטעליאַני־שער שפּראַך", און אַז אַט די באַנײַענדיקע באַוועגונג, וואָס איז אויפֿ־געקומען אין בוענאָס־אײַרעס מיטן אָנקומען פֿון רובען דאַריאָ אין יאָר 1895, האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער גאַנץ לאַטײַן־אַמעריקע, באַנײַענ־דיק זי שפּראַכלעך, און האָט אויך אַרויפֿגעלייגט איר כויסעם אויף די שענסטע פֿערזענלעכקייטן פֿון שפּאַניע, דעל וואַליע אינקלאַן, רוסיניאָל, אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, וועלכע הייבן אָן, פֿון זייער זײַט, גיין אויף אַ נײַעם וועג אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור". אינעם זעלבן יאָר, ווען אַט די יוגנט האָט זיך אַרומגעקליבן אַרום דעם רעפֿאָרמאַטאָר פֿונעם פֿערז, איז אויפֿגעקומען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, געגרינדעט דורך אַ טייל פֿון דער גרופּע.

„מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער באַווײַזט זיך גערשונאָוו אויף די ביידע אַרענעס ווי אַן אָריגינעלער פֿאָרשער, וואָס ברענגט אַלעמען אַרײַן אין אַ פֿאַרלעגנהייט מיט זײַנע פֿעיִקייטן אַלס שמועסער און פּאָלעמיקער און ווערט אַ שעם־דאָווער נאָך פֿאַר די צוואַנציק יאָר.

„זײַן ספּריט, זײַן הומאָר־פולע איראָניע, זײַן שנעלער אָפּענטפער, די רײַכקײַט פון זײַן שפּראַך און זײַן באַהערשן זי, איז פון אַלעמען גע־ווען באַגערט און אין דער זעלבער צײַט האָט מען זיך געשראָקן דער־פאַר, און הינטער אַט די געפערלעכע מײַלעם האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַן איידעלע נעשאָמע, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן אַן שום אָפּהאַלט דער פרײַנטשאַפט פון זײַנע מיטמענטשן און די שענסטע אידעאַלן פון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט.

„אַט די באַנײַונגס־באַוועגונג, וואָס ער איז געווען איר לעצטער איידעם און מיטבאַטייליקטער, האָט אין אים מעגלעך געהאַט איר איינ־ציקן טיפן אַנאַליטיקער און געטרײַען פּראָפּאַגאַנדירער אין מעשעך פון זײַן גאַנצן לעבן, אַזוי איבערן לאַנד, ווי אין בראַזיל, פּאַראַגווײַ, טשילע. אורוגווײַ און אויך אין שפּאַניע 1914, אין די פאַרייניקטע שטאַטן 1943 און אין פּערו 1947. און כאָטש ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו אימ־פּראָוויזירן זײַנע רעפעראַטן און האָט זיך אויך נישט באַזאָרגט מיט קיין סטענאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, ווי דאָס איז געשען מיט זײַן באַ־רימטן ציקל פון 20 לעקציעס וואָס ער האָט געגעבן אינעם טשילענישן אוניווערזיטעט אונטערן טיטל „פון דאַרי̇אָ ביז די טאַנגאָ־שרײַבער" און אַרומגענומען 89 געשטאַלטער — זײַנען פון אים פונדעסטוועגן פאַר־בליבן אויפגעשריבן גרויסע עסייען, בראַשורן איבער די דרײַ פּערזענ־לעכקייטן, וואָס ער האָט אַממערסטן שטודירט, אויסגעטײַטשט און באַ־קאַנט געמאַכט — דאַרי̇אָ, לוגאָנעס, פּײַראָ.

„און דאַך, נישט געקוקט אַף דער סוויווע, אין וועלכער ער האָט זיך געפורעמט און אַנטוויקלט בעיים זײַן אַרײַנטרעטן אין דער ליטעראַ־טור, ווײַזט ער אַרויס אין זײַן ערשטן בוך זײַן פולשטענדיקע אומאָפּ־הענגיקייט און זײַן אייגענעם וועג, ווי עס ווײַזט דאָס אַז דער פּאַטריאַרך פון דער קאָלאָמביאַנישער ליטעראַטור באַלדאָמעראָ סאַניז קאַנאָ אין זײַן בוך „קאַדאַק אַרכענטינאָ", געשריבן אין 1924:

„אין אַ סוויווע, ווו די וואָרטמײַסטער האָבן מיט אַלע זייערע קויכעס געזוכט זייערע מוסטערן אין דער פראַנציזישער ליטעראַטור, וועלכע איז אַזוי לויטער און רײַך אין אויסדרוק־מיטלען און איז צו געפאַסט פאַר עקזאַקטע אידעען ווי פאַר ווייכע און פאַרשוווּמענע שאַטירונגען, האָט ער (גערשונאָוו), נישט האָבנדיק פאַרנאַכלעסיקט די

באַרירונג מיט די קלוגע מײַסטער, אײַנצײַטיק זיך אַרײַנגעוואָרפן אין
דער מעטאַדישער קולטיווירונג פון די שפּאַנישע קלאַסיקער. פון זיי
האָט ער אַרויסבאַקומען די זאַפטיקייט פונעם זאַץ, די פליסיקייט אי־
נעם אויסדרוק, וואָס איז זעלטן צו געפינען בײַ די אַמעריקאַנער שרײַ־
בער. זײַן פּראָזע דערמאָנט אָפט אָן דער אומענדלעכער זיסקייט פון
די גרויסע ייִדישע דיכטער. ער איז אַ סענטימענטאַלער שרײַבער, וואָס
זײַן לײַכטקייט זיך צו עמאַציאָנירן קען נישט באַזײַטיקן זײַן באַרירונג
מיט דער רעאַליטעט. ער איז לײַדנשאַפטלעך פאַרכאַפּט פון אידעען
און געפילן און אין זײַן ליטעראַרישן שאַפן ווײַזט ער אַרויס אַ פאַר־
ליבע צו סימבאָלן, צום אַנאַליז פון רעאַלע און פיקטיווע טיפּן, וואָס
דינען פאַר אַ שפּיגל, אין וועלכן מען זעט קלאָר און בולעט די הויפּט־
מײַלעס און כעסרוינעס פונעם מענטשלעכן מין. פּונקט ווי די גרויסע
סענטימענטאַלע דיכטער בײַראָן און היינע, וועלכע ער באַוווּנדערט
מיט טיפער פאַרשטענדעניש און האַרציקער סימפּאַטיע, נוצט ער זיך
גאַנץ אָפט און בײז מיט דעם געווער פון דעם איראָניקער. פונדעסט־
וועגן, פאַרזיכטיקער און מעיושעוודיקער פון זײַנע מוסטער־דיכטער
און נוצט די דאָזיקע אויסדרוק־פאָרמען אָפטער אין געשפּרעך ווי אין
דער מעכײַעדיקער ראַכוועס פון זײַן פלײַסיקער און לעבעדיקער פע־
דער".

## זײַנע ווערק און זײַן טעמאַטיק

גײַסטיק דערצויגן האָט זיך אַלבערטאָ גערשונאָוו אויף צוויי ביכער,
אויף דער ביבל און אויף „דאָן קיכאָט", נאָר זײַן וואָרט האָט זיך גענערט
און איז רײַך געוואָרן אונטער דער האַשפּאָע פון די גרויסע דענקער און
קינסטלער. צווישן זיי האָט ער באַזונדער ליב געהאַט און באַוווּנדערט
היינע און שפּינאָזע, וואָלטער און אַנאַטאָל פראַנס, רענאַן, מיטרע און
סאַרמיענטאָ. פון די ייִדישע שרײַבער האָבן אים באַזונדערס אימפּאָ־
נירט זאַנגוויל, פּערעץ און שאָלעם־אַליכעם, וואָס ער האָט זיי געטראָגן
בײַ זיך אין האַרצן, ווי ער האָט געטראָגן אין האַרצן דאָס עכטע און
פיל געליבטע ייִדישע פאָלק.

אפגעדרוקט האט גערשונאוו זיבעצן ביכער און צוגעגרייט האט ער צום דרוק „ענטרע־ריאס מײַן לאנד" און „צוריק צו דאן קיכאטן", וואס זײַנען דערשינען נאך זײַן טויט. כאטש ביכלאל האט ער זיך גויהעג געוועז ארויסצולאזן דינע ביכלעך, וואס מען זאל זיי קענען טראגן מיט זיך, מוז מען זעקס זייערע באטראכטן פאר בראשורן, וואס ער האט ארײַנגעגעבן אין דרוק נאך א קורצן ציקל רעפעראטן. דאך בילדן זײַנע עסייען, רעפעראטן און געכאסמעטע ארטיקלען, וואס זײַנען צעווארפן איבער פארשיידענע זשורנאלן, צוויי טוץ דיקע בענדער, אכוץ דער גרויסער אנאנימער ארבעט זײַנער, וואס מיר נעמען ניט ארײַן אין כעשבן. זײַנע אפגעדרוקטע ביכער באשטייען פון נאוועלן, דערציילונגען, פאעטישע און פילאזאפישע עסייען, קריטיק און ביאגראפיעס. עס רעדט זיך אין זיי וועגן דאן קיכאט, היינע, שפינאזע, יעזוס, ייִדישע פראבלעמען, ליבע, ענטרע־ריאס, בוענאס־אײַרעס, ארגענטינע, ליטעראטור און פילאזאפיע, געשיכטע, פאליטיק און עטיק.

„פעקעניאס פראזאס" (קליינע פראזע) — איז א בוך מיט לויבגעזאנגען, פאעזיע אין פראזע איבער ווארט, שווײַגן און איינזאמקייט, דאס ליבהארציקע אין דער נאטור, לעבן און טויט. דאס זײַנען גײַסטרײַכע און אינספירירטע זאכן אין איין באנד, וואס האט אלס אונטערטיטל „קורצע געשפרעכן און קליינע דיסערטאציעס".

„לא כאפאינא מאראווילאסא" (דער וווּנדערלעכער בעקן) — איז א פירעש אף די הויפט־פארשוינען פון „דאן קיכאט", דאס ווארע און דאס אויסגעדאכטע. די שפאנישע קריטיק האלט דאס ווערק פאר דער בעסטער אויסטײַטשונג פון „דאן קיכאט".

אין „צוריק צו דאן קיכאט" רעדט זיך וועגן דעם לעבעדיקן און קישעפדיקן, דעם ווידערגעבורט , דער מעשוגאעס און דער ליבע אינעם דאן קיכאטיזם.

„היינריך היינע" איז פאר גערשונאוון דער גרעסטער ליבע־דיכטער, דער דיכטער פון אונדזער אינטימיטעט, דער דיכטער פון די לידער. שטייענדיק בא זײַן קייווער רופט ער ארויס זײַן געניאלע ראמאנטישע געשטאלט און זעט דעם קאדיש נאך היינען אין זײַן, גערשונאווס, דורכדרינגען זיך מיט זײַן גײַסט.

„די ליבעס פון באָרוך שפינאזע" איז א רעהאביליטאציע פון שפי־

נאַזעם פאַרלוימדעטער מענערישקייט, אין דער פאָרעם פון אַ צוגע־טראַכטן ראָמאַן אין דער שײַן פון זײַן פילאָזאָפישן סיסטעם.

„דער פאַר־קריסטלעכער קריסטנטום" איז אַ שטודיום פון דער סאָציאַלער אַטמאָספער אין ערעצישׂראל, אין וועלכער עס האָט אָנגע־צײַטיקט די קריסטלעכע לערע, אַ טעזע, אין וועלכער עס טרעפט זיך שפּעטער מיט אים צונויף געאָרג בראַנדעס אין זײַן בוך איבער יעזוסן.

„געשיכטעס און העלדנטאַטן פון ליבע" — איז אַ באַנד דערציי־לונגען פון פאַרשיידענע צײַטן און לענדער, באַלויכטענע מיט גערשו־נאָוום סטיל און טעמפּעראַמענט.

„די אַסיפע אָפן בוידעם־שטיבל" איז אַ שנירל פילאָזאָפישע דיאַ־לאָגן, אין וועלכע עס גייען דורך רעפּאָרטאַזש־מעסיק אַקטואַליזירטע לע־גענדאַרישע געשטאַלטער: די שיינע העלענע, די גאַניידן־שלאַנג, יעזוס, מאַרקס, קעמפּיס, מאָנסיע זשורדען, דער אומבאַקאַנטער זעלנער.

„דער וויכטיקער מענטש" — איז אַן אַרגענטינישער מענטש, וואָס שטעלט אַרויס אין אַ לעכערלעכער שײַן אַ דאָרעם־אַמעריקאַנישן פּאָלי־טיקער.

„דער נײַער רעזשים" — איז אַן אַנאַליז פון היפּאָליטאָ איריגאָ־זשענס עפּאָכע.

אין „לאַנד־אימאַזשן" באַשרײַבט ער און קלערט אויף דעם סאָ־ציאַל־עקאָנאָמישן וועזן פון דער אַרגענטינישער רעפּובליק און באַווײַזט זי אין דער צוקונפט.

אין „ענטרע־ריִאָס מײַן לאַנד" שילדערט ער די דאָזיקע פּראָווינץ, אירע שטעט און דערפער, איר פֿאָלקלאָר און אירע דיכטער. ביכלאַל טרעט ער דערין אַרויס קעגן ראַזאַסן און פאַר סאַרמיענטאָן, פאַר פאָר־שריט, דעמאָקראַטיע און פרײַהייט.

אַכוץ אַט די שוין געדרוקטע ביכער, זײַנען נאָך פאַראַן אַן ערעד 2.000 געכאַסמעטע עסייען אויף די טעמעס וואָס האָבן אים באַזונדערס אינטערעסירט און זײַנען, ווי די פרײַערדיקע, דער מאַטעריאַל פון וועלכן ער פלעגט צוזאַמענשטעלן זײַנע ביכער. די טעמעס זײַנען: טרײַהייט זײַן ליטעראַרישן דאָר, דער שרײַבער, די פּאָעזיע, די פרײַהייט, אַמע־ריקע, ייִשׂראל, מענטשן, לענדער און פעלקער, זײַנע סימפּאַטיעס און

אַנטיפּאַטיעס, די אידעאַלן פֿאַר װעלכע ער האָט געקעמפּט, די עסטעטיק פֿון עסן, דער קולט פֿון וואָרט און פֿון פֿרײַנטשאַפֿט.

פֿון די אַרטיקלען האָבן דרײַ הונדערט אַלס טעמע די שטאָט בוענאָס־אײַרעס, וואָס ער רופֿט זי אָן „די מעטראָפּאָליע פֿון דער צוקונפֿט" אָדער „מײַן געליבטע שטאָט"; הונדערט פֿון זיי, דערין גאַנץ ברייטע עסייען, האָבן אַלס טעמע אַרגענטינע. אַ באַליבטע טעמע זײַנע איז די ראָל פֿונעם שרײַבער און זײַן סאָציאַלע פֿונקציע, דער שרײַבער אַלס פֿאַקטאָר פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועגן די אַקאַדעמיעס און די שרײַבער, די שרײַבער־קאָנגרעסן און דער קאָנגרעס פֿאַר שאָלעם אין 1936, דער שרײַבער און די מילכאָמע, וועגן שרײַבערישער עטיק.

געהאַט האָט ער אַ געוווינהייט פֿון זינט ער איז געוואָרן זשורנאַליסט, וועלכנטלעך צו קאָמענטירן אין אייניקע זשורנאַלן די קליינע און גרויסע געשעענישן פֿון לאַנד און אויסלאַנד. אַזוי אַז מען קען זאָגן, אַז אין דעם האַלבן יאָרהונדערט האָט ער נישט דורכגעלאָזט קיין איין געשעעניש וואָס ער זאָל נישט האָבן קאָמענטירט אַף זײַן צאַפּלדיקפֿרישן, הומאָריסטישן און פּאַעטישן אויפֿן אָנגערופֿן האָט ער זיי אַ געוויסע צײַט „באַרעליעפֿן פֿון טייל פּאַסירונגען".

ביאָגראַפֿיעס שרײַבן איז געווען איינע פֿון זײַנע הויפּט־פּאַרנעמעכצן אין דער צײַטונג, ווו ער האָט געאַרבעט אַ האַלב פֿון זײַן לעבן. זינט 1912 האָט זיך אָנגעקליבן באַ אים אַ גאַלערייע פֿון ניט ווייניקער ווי 300 ביאָגראַפֿיעס פֿון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן און פֿון אַ סאַך וואָס קיינער געדענקט שוין איצט ניט. צווישן די באַרימטע זײַנען פֿאַראַן: עמיל זאָלאַ, אַנאַטאָל פֿראַנס, מאַקסים גאָרקי, אַנרי באַרביוס, זשאַן זשאָרעס, ווילסאָן, קייזער ווילהעלם, רוזוועלט, גאַנדהי, דער טיראַן פֿון ווענעצועלאַ כואַן וויסענטע גאָמעז, דער גרויסער אורוגווײַער שטאַטסמאַן כאָסע באַטזשע אי אָרדאָניעז, היפּאָליטאָ איריגאָזשען, דעל וואַליע אינקלאַן, אונאַמונאָ, אַנטאָניאָ מאַטשאַדאָ, ליסאַנדראָ דע לאָ טאָרע, אַניבאַל פּאָנסע א"אַ.

עס איז נאָך ביז איצט נישט אָפּגעשאַצט אין דער פֿולער מאָס גערשונאָווס אַקטואַציע קעגן דעם נאַצי־פֿאַשיזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט מוסאָליניס פֿאַרכאַפּן די מאַכט אין איטאַליע, איז אינטענסיווער געוואָרן מיט דעם אויפֿשטײַג פֿון היטלערן און האָט זיך באַזונדערס קאָנ־

קרעטיזירט בעיים דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע. ער האָט זיך דעמאָלט מאַמעש אַריינגעוואָרפן אין אַ ליידנשאַפטלעכן קאַמף, מיט אַרטיקלען אין צייטונגען און זשורנאַלן, מיט רעפעראַטן און רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען און פּאָליטישע אַקטן. נישטאָ נאָך איין שרייבער פון גערשונאַוואָס פאַר־נעם אין שפּאַניש, וואָס זאָל זיך געווען אַזוי אַקטיוו באַטייליקן אין דעם קאַמף. אָנגעשריבן האָט ער אויף דעם געביט ביז פינף הונדערט אַרטיקלען און עסייען.

גערשונאַוואָס ליטעראַרישע אַרבעטן אויף יידישע טעמעס און וועגן יידישע פּראָבלעמען, ווי זיין קולטור־טעטיקייט אין דער יידישער געזעל־שאַפט, נעמען אַרום אַ מעשעך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט און נאָר די צונויפגעזאַמלטע שריפטן וואָס זיינען פון אים פאַרבליבן, שאַפן אַ באַ־גריף וועגן דעם ווי ענג פאַרבונדן ער האָט זיך געפילט מיט יידן און מיט דעם יידישן פאָלק.

צוליב זיין אומייננוציקייט, באַשיידנקייט און פיינעם טאַקט, האָט ער קיינמאָל ניט גענומען אויף זיך קיין פירנדיקע ראָל אין די געזעלשאַפטן און איז שטענדיק געווען זייער באַל־יועץ אין גייסטיקע איניאָנים. דאָס איז געווען די סיבע וואָס מען האָט נישט דערשאַצט די גרויס פון זיין ביישטייער. אַט די ספּעציעל יידישע טעטיקייט זיינע האָט זיך אַרויסגע־וויזן בעיים וויכטיקע אַקטן, יאָנטעוודיקע אָדער קאָמבאַטיווע.

אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן פון אוניווערסאַלן כאַראַקטער מערקט זיך ניט נאָר דער יידישער טאָן, נאָר אויך די יידישע טעמע. מען קען זאָגן, אַז פאַרנומען האָט ער זיך באַ זיין לעבן אויפצוקלערן די ניט־יידן דעם וועזן, די געשיכטע און די קולטור פון זיין פאָלק און דאָס אייגענע פאַרקערט, אויפקלערן פאַר יידן דעם באַדייט פון דער אַרגענטי־נישער און פון דער אוניווערסאַלער קולטור, אַלץ צוליב קעגנזייטיקן פאַרשטיין זיך און ברידערלעכער סאָלידאַריטעט.

זיינע אַרבעטן אויף יידישע טעמעס, צונויפגעזאַמלטע נאָך זיין טויט, נעמען אַרום אַ מעשעך פון 1905 ביז 1950, און אינעם ערשטן באַנד, וואָס רופט זיך „די יאַדלע און די פּאַלמע", קומען אַריין פאַרטיפטע און שיינע עסייען איבער שעם טאָוו דע קאַריאָן, ראַמבאַם, אוורואָהאָם, דאַ־וויד, די ביבל, דער טאַלמוד, די יידישע שפּאַניע און איר ליטעראַטור. יערושאָלאַיִם און די נעוויאים, שאָלעם־אַליכעם, יִצכאָק־לייבוש פּערעץ.

א ביאגראפיע פונעם באראן הירש, די יידישע פאעזיע, די יידישע גע־שיכטע און די יידישע רעליגיע.

א צווייטער באנד נעמט ארום זיין קאמף און פאלעמיק קעגן דעם אנטיסעמיטיזם אין צארישן רוסלאנד און אין דייטשלאנד ביזן סאף פונעם היטלעריזם, געשריבן פון אן ארגענטינישן שטאנדפונקט, פון וועלכן ער איז ביזן סאף פון זיין לעבן נים אפגעטראטן, און אף אן אוניווערסאלער הייך. די צווייטע טייל פון דעם באנד איז אפגעגעבן דעם יידישן מארטירערטום אונטערן נאציפאשיזם און די דריטע טייל דער מילכאמע פון יסראעל, איר באפרייונג און ניצאכן.

א שייכעס מיט דער רעקאפילאציע האט די דערציילונג וועגן שיי־לאקן, וואס איז איינגעשלאסן אין דער „אסיפע אפן בוידעם־שטיבל", „דער פאר־קריסטלעכער קריסטנטום", „יידן גאוטשן", „שפינאזע" און „היינע".

## די ראל און די מיסיע פונעם שריפטשטעלער

אין שייכעס מיט דעם קאמף קעגן דעם פאשיזם און קעגן מילכאמע האט אלבערטא גערשונאוו אין א פלאמיקער רעדע געווענדט צו דער שרייבער־וועלט ארויסגעבראכט זיין באגריף וועגן דער ראל פונעם שריי־בער און וועגן זיין מיסיע. פון דער רעדע נעמען מיר ארויס בלויז איי־ניקע שטעלן, די באזונדערס כאראקטעריסטישע:

„. . . פון דאנטע ביז זאלא איז דער שרייבער, דער קינסטלער א געזעלשאפטלעכער ארבעטער, א פארשפרייטער פון עמאציעס, א רע־פרעזענטאנט פון אלץ וואס געשעט ארום אים. צי דען אינטערעסירט אונדז וויאזוי דער דיכטער האט פארפאסט און וויאזוי ער האט גע־שליפן זיינע פלאמיקע כאלוימעס? גיכער אינטערעסירט אונדז וויאזוי ער האט געלעבט, וויאזוי האט ער געדענקט, וואס האט ער געוואלט, אין וואס האט ער געגלויבט, וויאזוי האט ער זיך באצויגן צו זיינע מיטמענטשן. ווארעם דעם מענטשן קימערט אויסשליסלעך דאס לעבן פונעם מענטשן און אין דער גרויסער פאעמע ווילן מיר אויסגעפינען דאס עכט־מענטשלעכע, דאס טיף־איגערלעכע, וואס ער האט פון זיך

אַרויסגעבראַכט. די זײַטלעך „דאָן קיכאָט", אַט־די נאַטירלעכע און פּאַשעטע דערציילונגען, מאָנען בײַ אונדז, באַהערשן אונדז. אין זיי לעבן מיר דורך אונדזערע אילוזיעס, אונדזערע כאַלוימעס. דאָס איז דערפֿאַר וואָס סערוואַנטעס איז נישט גלאַט אַ ליטעראַט, ער איז אַ שרײַבער, דאָס הייסט אַ שעלִיעך־ציבור, אַ דיכטער וואָס ברענגט אַרויס די געזעלשאַפט, וואָס האָט אים אויסגעפֿורעמט...

„דער שריפֿטשטעלער איז פּונקט אַזאַ אַרבעטער פֿאַר דער געזעלשאַפט ווי יעדער אַנדער אַרבעטער און דאַרף טאָן זײַן אויפֿגאַבע באַשיידן, מיט דעם געוויסן, אַז ער טוט אַן אַרבעט, פֿון וועלכער ער ציט זײַן כאַיונע און באַפֿרידיקט אים ווי ווײַט די אומשטענדן דערלויבן. בעיִקער אָבער איז די אַרבעט אַ ציוויליזירנדיקע און איר מאָראַלישער נוצן צאָלט זיך נישט אָפּ נישט מיט רײַכטום און נישט מיט באַרימטקייט. אַט אַזעלכע שרײַבער באַדאַרף דאָס לאַנד האָבן, אַזעלכע לערער און אַרבעטער, פּאַשעטע, שטאַרקע און פֿרײַע. און ווען אַ שרײַבער דענקט נישט אַזוי, האָט ער אונדז גאָרנישט וואָס צו געבן און פֿאַרדינט בלויז אונדזער פֿאַראַכטונג, ווײַל ער ווײַזט זיך אַרויס פֿאַר אַ פֿײַנלעך אויסגעליידיקטן פֿון יעדער גײַסטיקייט...

„די גרויסע שרײַבער פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, די וואָס האָבן באַפֿרוכפּערט דעם הײַנטיקן, דעם מיט שרעק־צעטרייסלטן און מיט האַפּטאַכעס צעצונדענעם, האָבן געכאָלעמט מיט דערגרייכבאָרער גערעכטיקייט, מיט דער אָפּשאַפֿונג פֿון פּאַרצײַטיקער אונטערדריקונג, מיט דערלייזנדיקער פֿרײַהייט. אַט דער כאָלעם קומט ווידער אויף אין אַנבליק פֿון דער דערוואַכונג, וואָס גייט אָן פֿאַר אונדזערע אויגן, און ער וועט ניט פֿאַרשווינדן אַזוי לאַנג מיר וואַכן אַף דער אָפּרייניקונג וואָס דאַרף פֿאָרקומען איבערן אַנגעזיכט פֿון דער ערד, אָנהייבנדיק דאָ וווּ מיר וווינען...".

אַז דאָס איז געווען ניט בלויז אַ טעאָרעטישע שטעלונג פֿון דעם שריפֿטשטעלער און פּובליציסט, נאָר אַרויסגעדרונגען פֿון זײַן וועזן גופֿע, פֿון זײַן אויפֿפֿירונג אין מעשעך פֿון זײַן גאַנץ לעבן, באַווײַזט, ערשטנס, דאָס וואָס ער האָט אין זײַן פֿריסטער יוגנט זיך אָנגעשלאָסן אין דער דעמאָלט רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און איז געווען אייגנער פֿון אירע באַריקאַדן־רעדנער; שפּעטער, זינט 1916, איז ער געווען

אין דער דעמאקראטיש-פראגרעסיסטישער פארטיי, וואס איז געווען אנגעפירט פון ליסאנדרא דע לא טארע, און איז פון איר ניט ארויסגעטראטן ביזן טויט. נאן' אלס פערצן-יעריק יינגל האט מען אים ארעסטירט פאר שרייען אף א גאסן-דעמאנסטראציע „לעבן זאל די פרייע קובא!". אין 1906 האט ער אנגעהויבן זיינע ארויסטרעטונגען אין „לא נאסיאן" קעגן דער צארישער רעגירונג, לעטוויוועם די רוסישע יידן. בעיים דער ערשטער וועלט-מילכאמע האט ער ארגאניזירט מאניפעסטאציעס קעגן דייטשלאנד פאר דער באפרייונג פון ראבערטא פיירא, וואס די דייטשן האבן אים ארעסטירט אין בעלגיע און אים געדראט צו דערשיסן פאר זיינע ארטיקלען קעגן דייטשישן טעראר. אין 1918 באגריסט ער די רוסישע רעוואלוציע אין א ריי ארטיקלען געדרוקט אין „ווידא נועסטרא" און אין „לא נאסיאן" און אין א רעפעראט אונטערן טיטל „די באפרייונג פון א פאלק". בעיים דעם בירגער-קריג טרעט ער ארויס אין „אטלאנטידא" קעגן די וויסגווארדייישע ארמייען. ער פארטיידיקט אין „לא נאסיאן" ניקאראגוא און טרעט ארויס קעגן פרעזידענט קולידזש, מיט אן ארטיקל אונטערן טיטל: „די קליינע לענדער קעגנאיבער דעם נארדאמעריקאנער אימפעריאליזם" („לא נאסיאן" פון 16טן יאנואר 1927). אין א צווייטן ארטיקל לויבט ער דעם גענעראל סאנדינא, דעם העלד פון דער ניקאראגוער פרייהייטס-באוועגונג. ער שרייבט א רעפארטאזש וועגן דער אומשולד פון סאקא און וואנצעטי. ער טרעט ארויס קעגן די איבערפאלן אף די ראזאריער ארבעטער אין 1916; קעגן דער דיקטאטור פון כואן וויסענטע גאמעז אין ווענעסועלא, קעגן ווארגאסעס דיקטאטור אין בראזיל; ער פירט א פאלעמיק מיט דעם עמיר עמין אסלאן אין 1929 בעיים דעם ארא‏בישן איבערפאל אף די יידישע קאלאניעס אין ערעצ-יסראעל; ער שטעלט זיך איין פאר די קליינע דארעם-אמעריקאנער לענדער מיט א ריי ארטיקלען אין „לא נאסיאן" בעיים דעם פאנאמעריקאנישן קאנגרעס פון 1933 אין מאנטעווידעא. ווען עס ברעכט אויס דער בירגער-קריג אין שפאניע הייבט ער אויף א העפטיקן קאמף לעטוויוועם דער רעפובליק. ער טרעט דעמאלט ארויס אינעם קארדאבער זשורנאל „פלעטשא", וואס איז רעדאקטירט געווען פון דעם באקאנטן אינטעלעקטואל דעאדארא ראקא, מיט א שארפן ארטיקל, אינעם נומער פון 10טן אויגוסט 1936, קעגן דעם פאררעטער פון דער שפאנישער

רעפּובליק, דעם שריפטשטעלער פּיִאָ באַראָכאַ. זײַן קאַמף קעגן דעם נאַצי־פאַשיזם איז אַן אומפאַרמאַטערלעכער אין מעשעד פון פופצן יאָר ביז 1945. אין נאָרדאַמעריקע טרעט ער אויף אינעם נעגער־אוניווערזיטעט מיט אַ רעפעראַט: „מײַנע שוואַרצע ברידער, כאַווײרים אין קאַמף פאַר דער מענטשלעכער באַפרײַונג”. ער הערט נישט אויף אַרבעטן פאַר דער באַפרײַונג פון די פאַרמישפּעטע שרײַבער אין שפּאַניע, איטאַליע, אַמעריקע א”אַ. בעיים דעם אַרעסט פון די דיקטער ראָוּל גאַנסאַלעז טוניאָן פּאָרטאַגאַלאַ און די שריפטשטעלער אַניבאַל פּאָנסע און העקטאָר אַגאַסטי, נעמט ער זיך אָן פאַר זיי אין בריוו און אַרטיקלען. נישט געקוקט אַף דער דעמאָלט הערשנדיקער רעאַקציע אין לאַנד, פאַרעפנטלעכט ער אַ נעקראָלאָג־אַרטיקל אַפן טויט פון אַנרי באַרביוס (רעוויסטאַ „אונידאַד” פון 22טן סעפּטעמבער 1935). דאָס אייגענע אַ נעקראָלאָג־אַרטיקל אַפן טויט פון אַניבאַל פּאָנסע („רעוויסטאַ דעל קאָלעכיאָ ליברע דע עסטודיאָס סופּעריאָרעס” פון אָקטאָבער 1938). זײַן לעצטער קאַמף איז געווען דער קאַמף פאַר ייִסראָעל.

אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט דעם זשורנאַליסט און פּובליציסט געשטעלט נישט נידעריקער פונעם בעלעטריסט. ער האָט צו זיי געהאַט די זעלבע פאָדערונגען. אין 1938 האָט ער אינעם טשילענישן אוניווערזיטעט געלייענט אַ רעפעראַט איבער דער אַרגענטינישער זשורנאַליסטיק, און בעייסן באַנקעט, וואָס דער זשורנאַליסטן־אינסטיטוט האָט פון זײַן קאַוועד וועגן צוגעגרייט, און עס האָבן דאָרט גערעדט פּאַבלאָ נערודאָ, מאַרטאַ ברונעט, מאַריאַנאָ דע לאַ טאָרע, אַלבערטאָ ראָמעראָ און אַנדערע, האָט ער אין זײַן רעדע געזאָגט:

„ס׳איז נישט ריכטיק, אַז די זשורנאַליסטיק ווישט אָפּ דעם שרײַבער. פאַרקערט. געוויינלעך הייבט מען אָן אַלס זשורנאַליסט און מען ווערט אַ שרײַבער. די זשורנאַליסטיק דינט אונדז פאַר אויספרווו, פאַר דיסציפּלין און פאַר דער קאַוואָדלע, אַף וועלכער מען לערנט זיך אויס קלאָר דענקען און שרײַבן מיט אַ סיידער. שוין אָפּגערעדט וואָס זשורנאַליסטיק מיינט לעבן, אויפאָפּפערונג, קאַמף”.

## גערשונאָוו אַלס רעפערענט

אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט אין מעשעך פון פערציק יאָר געלייענט רעפעראַטן איבער די טעמעס, וואָס ער האָט באַהאַנדלט אין זיינע ביי־כער. אַ סאַך פון די רעפעראַטן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען, מאַכמעס ער פלעגט אָפט אימפּראָוויזירן. די וויכטיקסטע זיינען, פונדעסטוועגן, פאַר־בליבן.

אין 1911 האָט ער געמאַכט אַ טור איבער די צאָפן־פּראָווינצן פו־נעם לאַנד, ווו ער האָט געלייענט אַ ריי רעפעראַטן און האָט זייער אינ־טערעסאַנט געשריבן וועגן זיי.

אין 1913 האָט אים דער פּרעזידענט ראָקע סאַענז פּעניאַ, זיינער אַ גוטער פריינט, געשיקט אַלס דעלעגאַט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער בוך־אויסשטעלונג אין לייפּציק און אַ יאָר צייט האָט ער גערייזט איבער פראַנקרייך, שפּאַניע און בעלגיע.

עטלעכע רייזעס אַלס זשורנאַליסט האָט ער געמאַכט קיין בראַזיל, טשילע, פּאַראַגוויי און אורוגוויי, ווו ער איז געווען שטאַרק געשעצט און איז געווען באַהאַוונט אין זייער געשיכטע און קולטור און באַקאַנט מיט זייערע פּערזענלעכקייטן.

אין 1938 האָט אים דער טשילענער אוניווערזיטעט פאַרבעטן אַף אַ ציקל פון 20 לעקציעס איבער דער אַרגענטינישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט זיי געגעבן אונטערן טיטל „פון דאַריאָ ביז די טאַנגאָ־שריי־בער". די לעקציעס האָבן צוגעצויגן אַ סאַך צוהערער און געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג.

אין 1943 האָט אים פּרעזידענט רוזוועלט פאַרבעטן קיין נ.־אַמע־ריקע זיך צו באַקענען מיטן לאַנד און לייענען לעקציעס איבער אַרגענ־טינישער ליטעראַטור.

אין 1947 איז ער געפאָרן קיין בראַזיל, פּערו און טשילע ווירקן פאַר דער אָנערקענונג פון ישׂראל און צוליב דעם אויך געפאָרן אין זעלבן יאָר צום קאָנגרעס פון די אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטאָרן אין פּעטראָפּאָליס, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אייניקע טעג פאַר דער צע־טיילונג פון פּאַלעסטינע. זיין רייזע איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג

און האָט אים גײַסטיק באַפּרידיקט אַלס ייִדן, אַלס אַרגענטינער און אַלס שרײַבער.

פון זײַנע רײַזעס און פרײַנטשאַפטן איז נאָך אים פאַרבליבן אַן אינטערעסאַנטער שפּור אין זײַן גרויסער און שײנער ביבליאָטעק און אין זײַן בריוו־אויצער, וואָס זײַן פרוי האָט אײַנגעהיט, מאַכמעס ער פלעגט קיין זאַך נישט באַהאַלטן, און האָט אַ ליטעראַרישן און ביאָגראַ־פישן ווערט.

אין דעם אויצער געפינען זיך בריוו, דאַטירט אין 1902, פון גידאָ אי ספּאַנאַ, רובען דאַריאָ, כואַן ב. כוסטאַ, ליסאַנדראָ דע לאַ טאָררע, ראָבערטאָ פּײַראָ, מיגעל דע אונאַמונאָ, אַלוואַרעז דעל וואַיאָ, פּאָל פּאָרט, כאַסינטאָ בענאַווענטע און אין 1914 — פון ראַמאָן דעל וואַליע אינ־קלאַן, גאַבריעלאַ מיסטראַל, אַלפאָנסאָ רעזשעס, באַלדאָמעראָ סאַנין קאַ־נאַ, אַנכעל אָסאָריאָ אי גאַליאַרדאָ, כאַוויער בוענאָ, דעאָדאָראָ ראָקאָ א״אַ.

וואָס אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט בעיס זײַ־נע רײַזעס און וואָס פאַר אַן אײַנדרוק ער האָט געמאַכט אין זײַנע יונגע יאָרן, קען מען זען פון דער דעדיקאַטאָריע, וואָס דער גרויסער שפּאַני־שער שרײַבער בעניטאָ פּערעז קאַלדאָס האָט פאַר אים אויפגעשריבן אויף אַן עקזעמפּלאַר פון זײַן בוך „על אמיגאָ מאַנסאָ" (דער שטילער פרײַנט):

„דעם הער אַלבערטאָ גערשונאָוו, צום אָנדענק פון די פּאָר שאָ וואָס מיר האָבן אינײנעם פאַרבראַכט און האָט מיר דערציילט וועגן אַרגענטינע, אַנצייכענענדיק פאַר מײַנע אויגן, וואָס האַלטן שוין באַלד שליסן זיך אויף אײביק, די ווזיע פון זײַן פּרעכטיק, אײדל און שטאַרק לאַנד. און האָט מיר געוויזן איר מעכטיק־פרידלעכע צוקונפט, אַ בלענדנ־דיק שײנע, און מיט זײַן וואָרט האָט ער יונג געמאַכט מײַן אַלט האַרץ, באַרירנדיק דאָס מיט זײַנעם, דעם וויברירנדיקן, דעם נײַעם, דעם זעלטענעם, דעם שײנעם. אײַער פרײַנט ביז גאָר איז בעניטאָ פּערעז קאַלדאָס".

ניט אַלע קיבודים וואָס מען האָט אים צוגעטײלט האָט ער אָנגע־נומען, און וויכטיק איז דאָ איבערצוגעבן טײל פון די בריוו, אין וועלכע ער האָט זיי אָפּגעוואָרפן און אין וועלכע ער דריקט אויס זײַן האַסקאָמע.

אין אויגוסט 1931 האָט די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פון גענ. או־ריבורו געגרינדעט די אַקאַדעמיע פאַר אַרגענטינישער ליטעראַטור און

צווישן אַנדערע ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן אויך באַשטימט אַלס אַקאַדעמיקער גערשונאָוון. ער איז געווען דער אײנציקער וואָס האָט דעם קאָוועד אָפּגעוואָרפן און האָט זײַן ענטפער אָפּגעדרוקט אין די בוענאָס־אײַרעסער צײַטונגען. געענטפערט האָט ער מיט די ווערטער:

„צום באַדויערן מוז איך מעלדן דעם הער מיניסטער מײַן באַשלוס מיך אָפּצוזאָגן פון דעם טיטל מיטגליד פון דער אַרגענטינישער אַקאַדעמיע פאַר ליטעראַטור, מיט וועלכן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט מיך מכבד געווען. איך מיין, אַז די פונקציע פון אַקאַדעמיקער שטימט ניט מיט מײַן באַגריף וועגן דער אויפגאַבע פון אַ שרײַבער. אַף די אַקאַדעמיעס לייגט מען געוויינלעך אַרויף די מיסיע אײַנצוהיטן די שפּראַך־ריינקייט און וואַכן איבער די ליטעראַרישע טראַדיציעס פונעם לאַנד. איך, דאַקעגן, האַלט, אַז דער מין אינסטיטוציעס ווירקן ניט און זײַנען ניט בעקויעך פּאָזיטיוו צו ווירקן אַף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פונעם פאָלק און פאַרבלײַבן געוויינלעך אַן אַ זײַט פון די גרויסע באַוועגונגען, וואָס מוזן אינטערעסירן דעם שרײַבער און אין וועלכע זײַן אַרבעט באַקומט דעם מעכטיקן סטימול פון דער רעאַליטעט. גענוג באַווײַז דערצו איז דער פאַקט, אַז די לעבעדיקסטע שאַפנדיקע קויכעס פון פראַנקרײַך און שפּאַניע אינעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער אַקאַדעמיע אָדער זיי האָבן באַקומען דעם הויכן שטול, ווי אַ יויצע מין האַקלאַל, אַ דאַנק פײַנלעכע צופאַלן אָדער הישטאַדלעסן, וואָס האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ היבש ביסל שפּאַסיקע אַנעקדאָטן. אַכוצדעם מיין איך, אַז דער שרײַבער דאַרף ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן דעם דרוק פון קאָרפּאָראַציעס און קאָמפּאַניעס, קעדיי ער זאָל מיט דער טיפסטער אויפריכטיקייט און גרעסטער פרײַהייט קענען אַרויסברענגען דאָס לעבן און דענקען פון זײַן צײַט און פון זײַן פאָלק. נאָר אַזוי אַרום קען דער שרײַבער זײַן אַן אַקטיווער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט. צוליב אָט די מאָטיוון, הער מיניסטער, זאָג איך מיך אָפּ פון דעם קאָוועד וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן.

„מיר איז אָנגענעם אײַך צו גריסן מיט דער העכסטער אַכטונג און בעסטע פּערזענלעכע ווונטשן".

אין דעצעמבער 1932, בעיים דער הערשאַפט פון מוסאָליניז, האָט

מען אים פֿארבעטן אױף א ציקל לעקציעס אין די איטאליענישע אוניװער־זיטעטן. ער האט דערויף געענטפֿערט דעם פּראפֿעסאר דזשיאװאני דזשענ־טילע, פּארזיצער פֿון דעם צװישן־אוניװערזיטארן אינסטיטוט אין רוים און צװישן אנדערן, האט ער אים געשריבן:

„איך מוז אײַך אנדײַטן, אז איך בין ניט קײן פֿאשיסט און איך באהאלט פֿאר מיר דאס רעכט פֿרײַ ארויסצוזאגן מײַנע מיינונגען, װען איך װעל צוריקקומען קײן בוענאס־אײַרעס, װעגן די אידעען, מעטאָדן און פּראקטישע רעזולטאטן פֿונעם פֿאשיזם, מאכמעס אלס שרײַבער און דעריבער אלס פֿארשטײער פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג, מוז איך אפּגעבן כעשבן מײַן לאנד װעגן מײַנע רײַזע־באטראכטונגען און נאכ־טראכטעניש".

אין 1942 װארפֿט ער אפּ א פֿארבעטונג פֿון דעם פּאראגװײַער פּרע־זידענט מארינינגא צו געבן לעקציעס אינעם אוניװערזיטעט פֿון אסונ־סיאן, און ער שרײַבט דערבײַ:

„... איך בין שוין אײן־מאל געפֿארן קײן פּאראגװײַ לײענען לעק ציעס אין א פֿרײַען אוניװערזיטעט און פֿאר א פֿרײַ פֿאלק. הײַנט װעל איך נישט אנטרעפֿן נישט דעם אוניװערזיטעט און נישט יענע פֿרײַנט, װאס מוזן הײַנט אומבלאנקען איבער די װעגן פֿון גאלעס. איך װעל נישט פֿארן קײן אסונסיאן קאלזמאן איך װעל זײ נישט קענען װידער זען בא זיך אין לאנד..."

פֿארקערט, זײַנען פֿול מיט סימפּאטיע און ענטוזיאזם זײַנע בריװ פֿון העסקעם. אזוי שרײַבט ער צו דער קאטאלאנישער קולטור־געזעל־שאפֿט:

„באשעװע הערן:

„א טיף־געריהרטער האב איך באקומען אײַער יעדיע, אז אױף דער אלגעמײנער פֿארזאמלונג פֿון דער געזעלשאפֿט האט מען מיך אײַנשטימיק באשטימט פֿאר אן ערן־מיטגליד. דער קאװעד, זאגט איר, קומט מיר פֿאר מײַן שרײַבערישער טעטיקײט בענעגײע די פּראבלעמען װאס רודערן די מענטשהײט און פֿאר מײַן אומפֿארענדערלעכער שטע־לונג צום קאמף פֿונעם שפּאנישן פֿאלק. בעעמעס אינטערעסירט מיך דאס שפּאנישע לעבן פֿון מײַן יוגנט אן. אויסגעפֿורעמט אין דער שפּא־נישער ליטעראטור, אין איר קלאסישער קולטור, און אלס ארגענטינער

וואָס איז באַשעפטיקט באַ דעם פּרעכטיקן זשורנאַליסטן־פּאָר, וואָס צווינגט צו דעמאָקראַטישן באַנעם און קעמפערישן באַגריף פון דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט, בין איך אויך אַן אָנגעשלאָסענער אין די רייען פון דער שפּאַנישער דעמאָקראַטיע. אירע אידעאַלן זײַנען מײַנע און איך טייל איר האָפענונג און זיכערקייט, אַז ווען עס וועט אײַנ־פאַלן אין דער וועלט דער פינצטערער קויעד פון נאַציזם און פאַשיזם, די מיטלאַלטערלעכע רעאַקציע, וועט אין שפּאַניע אײַנפאַלן די דיק־טאַטור פונעם גענעראַל פראַנקאָ, וואָס איז דער פּויעל־יויצע פון אַ צו־ריקטריט אין דער געשיכטע. קעמפנדיק קעגן דעם נאַציפאַשיזם, באַ־קעמפן מיר אויך דעם פאַלאַנכיזם, די טראַגישע קאַריקאַטור פון אַט די קריפּלען. די קאַטאַלאַנישע קולטור־געזעלשאַפט טוט איר אַרבעט מיט גלאַנץ און פײַנער ענערגיע, ווי די אַנדערע שפּאַנישע צענטערן אין אַמעריקע, וווּ עס פירט זיך אויף מיט העראָישער כשיוועס די פאַרוואַגלטע, די גאַלעסדיקע שפּאַניע, ווי איך וואָלט געזאָגט, וואָס באַשטייט פון דאָס בעסטע פון גאַנץ שפּאַניע און וועט מאָרגן אָפּ זיך נעמען די איבערפורעמונג פונעם פאַטערלאַנד, וואָס אינעם גײַסטיקן זין איז עס אונדזערס. גלייבט מיר, אַלזאָ, אַז איך בין טיף דאַנקבאַר פאַר דעם קאָוועד און איך פיל דעם סטימול, וואָס גיט מיר דעם מוט ווײַטער אָנצוגיין מיט מײַן אַרבעט צו וועלכער איך בין געוווינט און וואָס אָן איר וואָלט דער שרײַבער און זשורנאַליסט אויפגעהערט זײַן דאָס וואָס דאָס פאָלק האָט אַ רעכט צו פאָדערן זיי זאָלן דאָס זײַן".

אין אַן ענטפער צום אַלוועלטלעכן פּראָ־פּאַלעסטינע־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך צו אים געווענדט סאָף 1945, ער זאָל שרײַבן לעטויוועס דעם פּאַלעסטינע־פּראָבלעם, שרײַבט ער:

„געוועזן איז פאַר מיר אַ טיפע פרייד זיך צו דערוויסן, אַז איר וואָס איר זײַט פאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פון מענטשלעכער גע־רעכטיקייט שאַצט אָפּ מײַן בײַטראַג לעטויוועס דער שווערער און טרויעריקער ייִדן־פּראָבלעם אין דער וועלט.

„בעצמעט בין איך אַן אַרגענטינער שרײַבער און פּובליציסט, גײַסטיק פאַרכאַפּט פון אַלץ וואָס פּײַניקט הײַנט דאָס אַרגענטינישע פאַטערלאַנד און האַלט דאָס אין איצטיקן מאָמענט אָן אַ זײַט פון דעם דעמאָקראַטישן פאָרשריט אין דער וועלט; נאָר די אַרגענטינישע סענ־

טימענטן שטערן מיר ניט צו טראָגן אין זיך מיט אַטאַוויסטישער עמאָ־
ציע ייִדישע סענטימענטן, וואָרעם איך האָב דעם שמערצלעכן קאָוועד
צו געהערן דעם פֿאָלק, וואָס האָט געשאַפֿן די צען געבאָט, אַרויסגע־
בראַכט די גרויסע מאָראַלישע געזעצן און האָט באַשיינט דאָס לעבן
מיט דעם געזאַנג פֿון אַלע געזאַנגען. איך קעמף פֿאַר מיין פֿאָלק, פֿון
וועלכן איך שטאַם, ווי פֿאַר דעם צווישן וועלכן איך לעב און טייל
זיין גורל מיט פּאַטריאָטישן שטאָלץ און טיפֿער האָפֿענונג פֿון אַ פֿרייען
מענטשן.

„זינט העכער פֿערציק יאָר ווי דער ייִדישער אידעאַל האָט מיך
פֿאַר אַ באַשיידענעם אַרבעטער און נישט אָנגעזעענעם דינער, פּונקט
ווי דער אַלגעמיין־מענטשלעכער.

„מיך מוטיקט און שטאַרקט דאָס וואָס די גרויסע קערפּערשאַפֿט,
וואָס איר זייט אירער אַ טייל און אַרבעט אַזוי ווירקזאַם פֿאַר דער
מענטשלעכער גערעכטיקייט און פֿאַר דער גערעכטיקייט, וואָס די
מענטשהייט איז שולדיק אַ כּויוו די ייִדן, האָט זיך אומגעקוקט אָף
מיין מיטאַרבעט און געפֿינט זי אויס פֿאַר ווערטיק אין אַ געוויסער
מאָס לעטויוועס דעם ווערק פֿון יושער, צו וועלכן די וועלט דאַרף
זיך אָפּגעבן אין דער נאָך־מילכאָמע צייט, אויב דער ניצאָכן איז גע־
ווען דער פֿרייהייטס און נישט פֿון יענע עלעמענטן, וואָס מיר אַלע
האָבן פֿאַר זיי אין איר נאָמען געקעמפֿט. גלויבט מיר, אַז איך דאַנק
אייך פֿאַר אייער ווענדונג און דורך אייער פֿאַרמיטלונג שטעל איך
מיך צו דינסט פֿון די וואָס ווילן קעמפֿן פֿאַר אַלע גוטע אידעאַלן,
וואָס אינטערעסירן די מענטשן.

„איך בין אייער דינער און בין אייער פֿריינט".

## אַלבערטאָ גערשונאָווס אַ נײַ־יאָר־טאָסט

אין אַ ניי־יאָר־נאַכט, די נאַכט פֿון 1טן יאַנואַר 1944, אין אַ יאַנ־
טעוודיקער מעסובע פֿון קרויווים און גוטע פֿריינט, האָט אַלבערטאָ גער־
שונאָוו גענומען דאָס וואָרט צו אַ טאָסט און ווי דאַן קיכאַט אין יענער
נאַכט צווישן די פּאָסטוכער, האָט ער זיך פֿונאַנדערגערעדט וועגן זיך,
וועגן דער וועלט, וועגן דעם היינט און וועגן דעם מאָרגן. אַ פֿראַגמענט

פון דער טאסט־רעדע איז שפעטער דערשינען אינעם זשורנאל „קארדעא ליטעראריא" און מיט דעם דאקומענט פון בעשבן־האנעפעש שליסן מיר די כאראקטעריסטיק פון אלבערטא גערשונאוו דעם מענטש און שרייבער:

„....איך האב געזען מילכאמעס און האב מיך אין זיי באטייליקט. איך האב געכאלעמט פון א וועלט א ניט־אויסגעדאכטער מיט־א געזעלשאפט א ניט־אויסגעפרווטער, מיט דעם איינשטימיקן גליק פון די נאיווע און וווּנדערלעכע אוטאפיסטן פון יענעם יארהונדערט, וואס אין זיינע לעצטע יארן בין איך געבוירן געווארן און אין זיי זיך אנגעהויבן אויספורעמען. אין יענער צייט ווען איך בין געגאנגען אין שול, מיט דיר, מייסטער ניקאלאס,*) האב איך אויסבאהאלטן צווישן די טאוולען פון דעם טעקסט־בוך פאר אריטמעטיק די סאציאליסטישע בראשורן און די לידער פון די דיכטער וואס האבן באדארפט ווערן מיינע ראטגעבער אינעם לעבן. נאך איצט לעב איך אין אט דער ליבער און אינספירירטער אונטערערד; נאך איצט האב איך וואס אויסצובאהאלטן פאר דער מעגושעמדיקער נייגעריקייט און נאך איצט באהאלט איך מיך אויס פאר מיר אליין, ווייל איך פארשטיי, אז מיין דערפארונג פון א דורכגעליטענעם מענטשן, אן אויסגעהארטעוועטן אין קעסיידעדיקער רעגונג, שעמט זיך מיט דער יינגלשקייט וואס דרענגט זיך אין מיר און האט מער די ווערט פון מיר, ווייל דאס יינגל איז דאס ווירדיקע וואס איך פארמאג אין זיך און דאס ווייניקער פארגענגלעכע וואס איז אין מיר פאראן. איך האב אייך געזאגט, אז איך בין געווען אין מילכאמעס און האב מיך אין זיי באטייליקט, א פאנטאסטישער זעלנער אין א שלאכט, פון וועלכער איך וואלט נישט געקענט דעזערטירן און נישט אנווערן דערמיט דעם שטאלץ וואס אייער פריינטשאפט פארשאפט מיר. אלס יינגל, ארויסגייענדיק אין א פארנאכט פון דער פאבריק, האב איך מיך אנגעשלאסן אן א ריי סטודענטן וואס האבן איבער דער־אווענידא דע מאזשא געשריגן: לעבן זאל די פרייע קובא! קעגניבער דעם באלקאן באם הויז פון דאן קארלאס גידא ספאנא האב איך גע־

*) די ווענדונג איז צו ד"ר ניקאלאס ראפאפארט, זיינער א יוגנט־פריינט, וועלכן ער באטיטלט מייסטער ניקאלאס, ווי דאן קיכאטס פריינט דעם שערער. — רעד.

רעוועט אײַנײַנעם מיט דעם יוגנטלעכן האָמויִן און האָב הערוּשׁ איבערגענעכטיקט אין דער קאַמיטאַריִע. אַף אַזאַ אופֿן, האָב איך, דער פֿרישער לייענער פֿון „דאָן קיכאָט", באַקומען די טויפֿונג אינעם דינסט צום כימערישן. איך האָב געקעמפֿט פֿאַר אַלע אומבאַגרײַפֿלעכע אומאָפּהענגיקייטן; געקעמפֿט האָב איך אומדערמידלעך מיט דער נעוויִשער פֿרייד פֿון אַ קינד וואָס האָט אויסגעפֿונען דעם עמעס און מיט דער נאַיִווער פֿאַשטעס, מיט דער קינדערשער פֿאַשטעס, וואָס פֿילט אַ טאָם אַפֿילע אינעם אומגליק, בין איך פֿאַרבליבן דער פֿרײַוויליקער רעקרוט פֿון די וווּנדערלעכע אַרמייען גלויביקע, אַרמייען אַרגענטינער, אַרמייען פֿון צעקאַליעטשעטע און געפּײַניקטע פֿאַטערלענדער, פֿון באַזיגטע אידעאַלן אַף וועלכע עס וואַרט נאָך דער ניצאָכן, די לאַנג שויִן אָפּגעמעקטע פֿון זיקאָרן אַרמיי ייִדן, וואָס רעקרוטירט מיך צווישן די זאָגער פֿון די הייליקע נעוויעסן, וואָס קוקן צום קויסל־האַמײַראָווי און טרינקען די טרער פֿון גאָטס כאַראָטע אַף דער רעגע ווען ער האָט זײַן צאָרן פֿרײַגעלאָזט.

„אַלץ בין איך געווען. אַ סיסטעמאַטישער אויסלאַכער פֿון אַלץ וואָס האָט די ווערט אויסגעלאַכט צו ווערן, אָפּט געבײַטשט אומזיסט און אומנישט, קעסיידער פֿאַרליבט געווען אין דאָס לײַטזעליקע און דערהויבענע, געגלויבט און געלייקנט, געווען ענטוזיאַסטיש און סקעפּטיש, און נישט געקוקט אַף די אַלערליי סטירעס האָב איך באַוויזן נישט צו פֿאַרקויפֿן מײַן נעשאָמע דעם טײַוול, נישט אײַנקעסטלען זיך אין קיין שום פֿילאָזאָפֿיע, נישט אײַנשליסן זיך אין קיין שול, נישט פֿאַרוואָרצלען זיך אין קיין פֿאַרבאָטנדיקן ריטוס. דער הייליקער גײַסט האָט מיך געשיצט דערמיט וואָס ער האָט מיך אײַנגעהילט אין אַן אומשולד, וואָס דערלאָזט ניט צו זיך די מאָמענטאַלע וואָר און לאָזט צו מיר צו יענע וואָר וואָס דער הייליקער אַמבראָסיאַ רופֿט זי אַן „דער הײַנט און דער מאָרגן".

„פֿרײַנט מײַנע, לאָמיר טרינקען פֿאַר די וואָס זײַנען ביז ווייטיק פֿאָרליבט אינעם לעבן, פֿאַר די וואָס שאַפֿן דאָס לעבן, מיט זייער וועזן, מיט זייער וואָרט, מיט דעם קאָליר, מיט דער פֿאָרעם, מיט דעם בוים, וואָס זיי פֿלאַנצן, מיט דער קײַלע אַף וועלכער זיי שפּילן. די לעוואָנע שווימט איבערן דאַך פֿון מײַן שטיבל און אַ רייעך פֿון זשאַסמין זאָפּט

זיך איין אין דער נאכט, מיט וועלכער עס הייבט זיך אן דאס יאר 1944. לאמיר טרינקען פאר די וואס לעבן אין אונדז, פאר די וואס שטארבן קעדיי מיר אלע זאלן קענען לעבן. אט איז שוין דער באַ־גינען, דער לייכטער מארגנרויט, וואס צייכנט זיך אפּ האָריזאנט. עס איז דער באגינען פונעם טאג און פונעם יאר, וואס קומען אן אף דעם שימערדיקן רײַטוואגן. מיר זיצן דא און קוקן אף זיין דערשיינען, אף זיין ליכטיקער אנטפלעקונג, אין דער שאלווע פון א רויקן היימישן סימכעלע. דארטן ווייט, אף יענער זייט יאם, בא די ברעגעס פון די זיבן יאמים, הייבן אויף די מענטשן זייערע פארבלוטיקטע פענעמער און גריסן דעם באגינען ווען זיי ווייסן ניט צי וועלן זיי נאך זען דעם גלאנץ פון העלן טאג.

„דערלויבט מיר, ווי אן עלטערן, ווי איך וואלט געוועזן א פריס־טער — און עפשער בין איך עס — ווי איך וואלט געוועזן א דיכטער, צו זאגן אט די מענטשן, שוין אין דער רעגע, אז דער באגינען פון 1944 קומט אן, ווייל איך, מיט אייער שווערן ארעם און מעכטיקן הארצן, האט אים געבראכט מיט זיך אף דעם פייערדיקן רייטוואגן מיט וועלכן ער באווייזט זיך צו אונדז און שמייכלט צו אונדז אראפּ".

# אלבערטאָ גערשונאָוו אין דער שײַן פֿון זײַנע „ייִדן גאַוטשאָ"

אין יאָר 1891, פּונקט מיט זעכציק יאָר צוריק, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַזעצונג פֿון ייִדן אַף דער ערד, וואָס דער באַראָן הירש האָט צוליב דעם אײַנגעקויפֿט אין אַרגענטינע, איז אַף דעם אַרגענטינישן ביכער־מאַרק דערשינען אַ בוך אַ „קראַק", ווי מען וואָלט עס אָנגערופֿן אַף ספּאָרט־לאַשן, אָדער אַ „בעסט סײלער", ווי מען זאָגט אין ניו־יאָרק, מיט דעם נאָמען „לאַ באָלסאַ" (די בערזע), געשריבן פֿון אַ יונגן זשור־נאַליסט, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן כוליאַן מאַרטעל, פּסעוודאָנים פֿון כאָסע מיראַ, נאָכדעם ווי דאָס בוך האָט זיך פֿאַרענדיקט דרוקן אין „לאַ נאַסיאָן" אַלס ראָמאַן אין העמשאכים.

קינסטלעריש איז דער „ראָמאַן" מאַמעש נול, ער הייבט זיך נישט אויף העכער פֿון אַ פֿלאַכן און טרוקענעם סיפּער־האַמײַסע מיט ביליקע סענטימענטאַלע פּרעטענזיעס אַ לאַ זשאָרזש אָנע און זײַנס גלײַכן פֿון דער פֿראַנצויזישער בולוואַר־ליטעראַטור. דאָס צוציִענדיקע אין דעם בוך איז די טעמע: די שפּיל מיט ווערט־פּאַפּירן און אַקציעס אַף דער בוענאָס־אײַרעסער בערזע, וואָס שלעפּט אַרײַן אין איר נעץ ווילע און ליבע אַר־געטינער, אַדוואָקאַטן, מיניסטאָרן און גלאַט געבילדעטע און פֿעִיקע יונ־געלײַט, פֿאַרדאַרבט זיי און פֿאַרפֿירט זיי, מאַכט פֿון זיי שווינדלער און דערפֿירט זיי צו זעלבסטמאָרד. דעריקער, זי דערפֿירט צום באַנקראָט די אַרגענטינער פֿינאַנצן, דער הויפּט־פֿאַקטאָר אין דער רעוואָלוציע פֿון 1890.

אָבער אויך די טעמע, נישט געקוקט דערויף וואָס זי ווערט אויס־געוויקלט אין אַרגענטינע, אין און אַרום דער בוענאָס־אײַרעסער בערזע, אַפֿן היגן היפּאָדראָם בעיס די פֿערד־געיעגן און אין די אַפּאַרטאַמענטן פֿון די היגע „פֿראַנצויזקעס" און זייערע אויסהאַלטער, פֿילט זיך פֿון

איר אַ מײַל די ווײַט דער רייעך פון אַ ספּעציפישן פראַנצויזישן ביכער־מאַרק פון יענער צײַט, פון וואַנען דער מעכאַבער האָט זי אימפּאָרטירט. אַזוי שטאַרק פילט זיך דאָס, אַז ניט נאָר דאַכט זיך, ווען מען לייענט דאָס בוך, אַז דער מעכאַבער האָט אָפּגעקאָפּירט גאַנצע זײַטן בײַ דעם באַרימטן פראַנצויזישן אַנטיסעמיט דרומאָן, נאָר דער מעכאַבער אַליין פאַרגעסט זיך אַז דער סיפּער־האַמײַסע קומט פאָר אין אַרגענטינע און ער ברענגט צו שלעפּן אויף דער היגער בערזע, מאַממעש פאַר די האָר, קרומע נעז פון פראַנצויזישע ייִדן, געבוירענע אין דײַטשלאַנד, וואָס די „אַליאַנס איזראַעליט" (די „חברה כל ישראל חברים", וואָס איז געגרינדעט גע־וואָרן צו פאַרשפּרייטן בילדונג און מעלאַבע צווישן די ייִדן פון אָריענט) האָט אַהער געשיקט, מיט איינעם אַ באַראָן בעראַש, אויפצוקויפן אויף דער בערזע דאָס אַרגענטינישע גאָלד און וואַרפן דעם ווערט פון דער אַרגענ־טינישער פּעזע ביז דער ערד...

זיי, הייסט עס, די ייִדן, וואָס אַלע זײַנען זיי אָרגאַניזירט אין אַט דער אַלוועלטלעכער ייִדישער אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט פון די ייִדישע באַראָנען, זײַנען שולדיק אין דעם באַנקראָט, אין דער רעוואָלוציע, אי־נעם כורבן פון די אַרגענטינישע פאַמיליעס, אינעם דורכפאַל פון דער אַרגענטינער אינטעליגענץ און אין דער פאַרדאַרבונג פון די אַרגענטיני־שע זיטן. צו די בערזע־ייִדן קלעפּט שוין דער מעכאַבער צו פאַרבײַגייענ־דיק אויך ייִדן וווּכערער, ייִדן קלוימערשטע שנײַדער און אַלטוואַרג־הענ־דלער, וואָס באַשעפטיקן זיך אין דער עמעסן מיט מעקלערן האַלוואָעס אויף הויכע פּראָצענטער פאַר פאַרשפּילטע קאָרטן־שפּילער, פערדל־שפּילער און בערזע־שפּילער פון דער אַרגענטינער אַריסטאָקראַטיע און פאַרגעסט אויך ניט דערמאָנען די ייִדן פרויען־הענדלער.

און כוליאַן מאַרטעל איז נישט געווען דער איינציקער דאָ, וואָס האָט אין יענער צײַט אימפּאָרטירט אַהער דעם פראַנצויזישן אַנטיסעמי־טיזם אינײַנעם מיט דער פראַנצויזישער בולוואַר־ליטעראַטור. דער פראַנ־צויזישער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז נאָכגעלאָפן די ייִדן קיין אַרגענטינע, האָט דאָ געהאַט נאָך פיל וואַגיקערע אַגענטן ווי די שונד־ליטעראַטור און אירע אַרגענטינער „טאַלאַנטן". אויף זײַן קאָנטע האָבן דאָ געווירקט די הייליקע פאָטערס פונעם יעזויִטישן אָרדן, וואָס האָבן נישט ווייניקער טאַלאַנט אַרויסגעוויזן אינעם קאַמף קעגן דער קאָלאָניזאַציע פון ייִדן

אין ארגענטינע, און זייערע ארגומענטן האבן זיי געשעפט פון די זעלבע קוואלן, וואס דער יונגער ארגענטינער זשורנאליסט. „דער ייִד אינעם פראק פון א באראן”, האט עס געהייסן אין די יעזויִטישע ארטיקלען, וואס די היגע צײַטונגען האבן געדרוקט, אין זייערע קלויסטער־דראשעס און אפילו אין די טעקסט־ביכער, וואס די „יעזויִטישע ברידער” האבן פארפאסט פאר דער ארגענטינישער מיטל־שול, ספעציעל אין די טעקסטן פון געאגראפיע און געשיכטע, וויל „פארייִדישן דאס קאטוילישע לאנד ארגענטינע”...

דער ריין־ארגענטינישער אינטערעס, וואס האט דעצידירט אין דער פראגע פון ייִדישער קאלאניזאציע און ייִדישער אײַנוואנדערונג ביכלאל, איז פארשטייט זיך, געווען פונקט א פארקערטער. דעצידירט האבן די אידעען פון ריוואדאוויא, פון אלבערדי און סארמיענטא און פון די ווײַ־טערדיקע ארגענטינער מעלוכע־מענער, וואס זײַנען געגאנגען אין זייערע וועגן, די אידעען פון באלעבן דאס לאנד; אידעען, וואס האבן זיך צו־נויפגעטראפן מיט דער וויזיע פון דעם באראן הירש ווי אויסצולייזן די מיליאנען ייִדן פון דער צארישער רעכטלאזיקייט און ווי אויסצולייזן זיי פון דער אנטיסעמיטישער פלאג, וואס מאכט פון דעם נאמען ייִד א סי־נאנים פון אלץ וואס איז סאציאל נידעריק און שעדלעך.

נישט דא איז דער פלאץ אנצוווײַזן אף די סיבעס, וואס האבן גוי־רעם געווען, אז נישט די וויזיעס פון די ארגענטינישע מעלוכע־מענער און נישט די וויזיע פון דעם באראן הירש זאלן פארווירקלעכט ווערן אין זייער גאנצער גרויס, און נאך קנאפע הונדערט יאר ארגענטינישער אײַנ־וואנדערונגס־פאליטיק זאלן ריזיקע שטאכים לאנד בלײַבן אומבאפעלקערט און נאך עטלעכע און דרײַסיק יאר ייִק”א־קאלאניזאציע, זאל די צאל קאלאניזירטע ייִדישע מישפאכעס נישט גרייכן אפילו צו דרײַ טויזנט. וויכטיק איז אבער צו וויסן, אז די דאזיקע ארגענטינישע און ייִדישע אידעען און וויזיעס, וואס האבן זיך צונויפגעטראפן און קעגנזײַטיק זיך באווירקט, האבן דערצויגן פאליטיש און קולטורעל דוירעם ארגענטינער און ארגענטינער ייִדן. וויכטיק איז צו וויסן, אז אט די צונויפגעטרא־פענע אידעען און וויזיעס האבן אפגעטעמפט, אויב ניט אינגאנצן אפ־געטויט יעדן פרוּוו צו אימפארטירן אהער די אנטיסעמיטישע פראקטיק פון וואנעט זי זאל נישט קומען, און רעלאטיוו אן שאדן, זײַנען מיר דא

איבערגעקומען דעם נאַצי־שטורעם, וואָס האָט זיך באַ אונדז גאַנץ היפּש געלאָזט פילן מיט זײַן פּאַרמעסט אַף וועלט־הערשאַפט. און דעריקער איז וויכטיק אָנצווײַזן, אַז אין דער אַטמאָספער, וואָס אַט די אידעען און וויזיעס האָבן דאָ געשאַפן, איז אויפגעקומען דער ייִדישער האַלב־מיליאַ־ניקער ייִשעוו, ווי מען איז זיך מעשאער און אויפגעקומען איז אין דער אַטמאָספער אויך דער טיף מענטש, וואָס מיר באַצייכענען אים אַלס אַר־גענטינער ייִד: אַ ייִד, וואָס באַטראַכט זיך פאַר אַ דורכויסיקן אַרגענטי־נער און אַן אַרגענטינער, וואָס באַטראַכט זיך פאַר אַ דורכויסיקן ייִד.

און דאָ קומען מיר צום איניען, וואָס אונדז אינטערעסירט דאָ, צום איניען אַלבערטאָ גערשונאָוו, ווי מיר זעען אים אין דער שײַן פון זײַנע „ייִדן גאַוטשאָ", פון דעם בוך, וואָס ער האָט געשריבן ווי אַ ייִד און אַרגענטינער; ווי אַ ייִד, אַן אויפגעקומענער און דער־צויגענער אין דער באַראָן הירש־וויזיע, באַ זײַן טאַטן אין שטוב, דעם געליטענעם פון דער ייִדישער רעכטלאָזיקייט אונטער די צאַרן און דעם אידעאַליסט פון דער ערד־אַרבעט, וואָס איז אין רוסלאַנד געפּרעדיקט געוועזן פון די מאַס־קילים און כּוויוועוו ציאָן. איינער פון די ערשטע ייִדן אַרויפגעקומענע אַף אַרגענטינישער ערד, — פון די „כאַלוצים האַרישוינים", ווי מאַרדכע אַלפּערסאָן האָט זיי אָנגערופן, — איינער פון די, וואָס האָבן זייער בונד מיט דער אַרגענטינישער ערד פאַרשניטן ניט נאָר מיט זייער שוויים, נאָר מיט זייער בלוט מאַמעש. מיר קומען דאָ צו דעם בוך, וואָס גערשונאָוו האָט געשריבן אַלס ייִד, זאָגן מיר, און אַלס אַרגענטינער שרײַבער, ווי ער אַליין זאָגט דאָס אין זײַן אויטאָבּיאָגראַפיע, וואָס האָט געפילט אַף זיך גופע, פון איין זײַט די ווירקונג פון דעם אימפּאָרטירטן אַנטיסעמי־טיזם אין דער ליטעראַטור און פון דער צווייטער זײַט דעם גליקלעכן ייִדיש־אַרגענטינישן שידעך.

אַלס ייִד און אַרגענטינער שרײַבער, איז ער געקומען צו דער אַר־גענטינישער עפנטלעכקייט מיט אַ פאַרטראַכטן פּלאַן. געזען האָט ער דאָס ייִדישע לעבן אין די קאָלאָניעס און אין שטאָט וואַקסן און זיך אַנט־וויקלען. „די ייִדישע געמיינשאַפט — שרײַבט ער אין זײַן אויטאָביאָ־גראַפיע, געשריבן אין פּאַריז 1914 — האָט שוין דעמאָלט געבילדעט אין דער הויפּטשטאָט, אויב נישט קיין באַדײַטנדיקן, איז אַן אָנגעזעע־נעם קרײַז, מיט איר אינטענסיוון אַנטייל אינעם האַנדל און אין דער

אינדוסטריע, געווען זײַנען שוין ייִדן אין די מיטלשולן און אוניווער־זיטעטן, און אין אַ היבשער מאָס. פּלײַסיקע טאַלמידים, אויסערגעוויינ־לעך ענערגישע, מיט אַ שטאַרקן און פעסטן ווילן". מיר ווילן צוגעבן פון אונדזער זײַט, אַז שוין דעמאָלט איז אין דער הויפּטשטאָט געווען אַ ייִדי־שע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט געשטעלט די ערשטע טריט אַף דעם וועג פון אָרגאַניזאַציע און געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע, צו וועלכער אַלבער־טאָ גערשונאָוו איז נישט פרעמד געווען. „מײַן אַרויספאָרן פון דער קאָ־לאָניע — שרײַבט ער דאָרט — האָט נישט געמיינט, אַז איך שליס מיך אויס פון ייִדן". „אָבסערווירט — שרײַבט ער ווײַטער — האָב איך דאָס ייִדישע לעבן און האָב פאַרטראַכט אַ פּלאַן דאָס צו שטודירן ווי דאָס אַנטוויקלט זיך אין אַ פרײַער אַטמאָספער, אָן דער אייביקער פאַרפאָל־גונג, גלײַך מיט אַלעמען". און ווײַטער: „צי וואָלט דען ניט נייטיק געווען צו באַווײַזן דאָס ייִדישע לעבן נישט אין דער געוויינטער אומ־געבונג פון דער שקלאַפערײַ, נאָר דערלייזט פון דעם אומפאַרענדערלעכן מאַרטירערטום. . . ?"

זײַן אויפהאַלטן זיך צווישן די אַרגענטינישע שרײַבער און זשור־נאַליסטן, ווו ער האָט אָנגעטראָפן אַזעלכע ווי כוליאַן מאַרטעל און זײַנס גלײַכן, ווי הוגאָ וואַסט און אַנדערע, וואָס האָבן געשעפט זייערע ידיעס וועגן ייִדן בײַ דרומאָן און ראָשפאָר און בײַ די יעזויִטישע ברידער, און אין בעסטן פאַל אַרויסגעוויזן איגנאָראַנץ אין אַלץ וואָס איז שײַעך צו ייִדן, האָט אים אַף דעם וועג געשטויסן. און ווידער שטיצן מיר זיך דערבײַ אַף אַלבערטאָ גערשונאָווס ווערטער אין זײַן אויטאָביִאָגראַפיע: „זיי (די אַרגענטינישע שרײַבער און זשורנאַליסטן), — שרײַבט ער דאָרט — האָבן זיך צוגעוויינט צו מײַן אָנוועזנקייט און עס האָט זיי פאַראינטערעסירט דאָס וואָס איך האָב זיי דערציילט וועגן ייִדישן לעבן".

מיר מוזן נאָך צוגעבן, אַז אין יענע יאָרן פון אַלבערטאָ ג׳. שו־נאָווס דעבוטירן אין דער אַרגענטינישער פרעסע און ליטעראַטור, מיטן דערנענטערן זיך פון דער אַרגענטינישער יאָרהונדערט־פײַערונג, צו וועל־כער מען האָט זיך אין די אָפיציעלע קרײַזן געגרייט זיך איבערצובעטן מיט דער קאַטויליש־מאָנאַרכיסטישער שפּאַניע און פאַרבעטן אַהער אַלס אָפי־ציעלן גאַסט די אינפאַנטן איזאַבעל, האָט מען מיט אַ באַזונדערער קאָ־וואַנע אונטערגעהאַלטן דאָס פײַער פון רעאַקציע און בעפיירעש אויך

פון אנטיסעמיטיזם. דער „פּאַטריאָטיזם" האָט דעמאָלט געהאַלטן פאַר זיין כּיווּן צו פאַגראַמירן יידישע ביבליאָטעקן און אַרויסשיקן פונעם לאַנד יידישע אַרבעטער־פירער.

זעען מיר טאַקע דעריבער אַלבערטאָ גערשונאָוון אויפטרעטן מיט זיינע „יידן גאָוטשן" אַף דער אַרענע פון דער אַרגענטינישער ליטעראַ־טור — אַ באַזעצטע מיט אַזעלכע ווי כּוליאַן מאַרטעל, הוגאָ וואַסט אָדער גלייכגילטיקע און אַמעראַצים אין יידישע איניאַנים, ווי מיר האָבן עס שפּעטער מיט ווייטיק צוגעזען, בעיים דעם ביילים־פּראָצעס אין 1912, באַ אַזאַ געלערנטן סאָציאַליסט ווי כּואַן ב. כּוסטאַ — ווי אַ יונגן ייִדן אַ גלאַדיאַטאָר אַף דער רוימישער צירק־אַרענע, אַ באַזעצטע אַרום און אַרום מיט געיוועדיקע רוימער, וואָס כאַנפענען זיך צו נעראַנען און שפּאָטן פון דעם יידן, און מיר הערן אים, דאַכט זיך אונדז, אויסרופן צו זיי:

— איר שרייבט וועגן יידן און איר שפּאָט פון זיי אָפּ, דעמאָלט ווען איר קענט זיי ניט און איר האָט זיי קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען! אָט איך וועל אייך ווייזן ווער יידן זיינען! אָט איך אַליין, דער־וואָס שטייט פאַר אייך, בין אַ ייד! און אָט איז מיין מישפּאָכע: מיין טאַטע, אַ געבוירענער אין רעכטלאָזיקייט ווי אַ סאַך פון זיינע ברידער אין צאַרישן רוסלאַנד, און אַ פאַרליבטער אין דער ערדאַרבעט, וואָס האָט די ערד מיט זיין בלוט באַגאָסן, אַ דערשטאָכענער פון אַ שלעכטן גאַוטש, אַ פּויליאַק! אָט איז מיין מאַמע און מיין שוועסטער, אויך קאָר־באַנעם פון זייער ליבע צו דער אַרגענטינישער ערד, וואָס זיי האָבן מיר און מיין פאָטער געהאָלפן עפענען איר טראַכט, קעדיי זי זאָל אַרויסגעבן ברויט פון זיך...

און אָט האָט איר גאַנצע קעהילעס יידן האָרעפּאַשניקעס פון די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע, די אַלטע לייט מיט זייערע בערד, וואָס אייך גלוסט זיך מיסטאָמע, ווי די שטאָטישע קונדייסים, אַ צופּ טאָן זיי און שרייען „משיווּאָ מע!" זאָלט איר זשע וויסן, אַז דאָס זיי־נען די בערד פון די ביבלישע הייליקע אָוועס אַף דעם פּליין פון מאַמרע, די בערד פון שימען באַר יוינע האַניקראָ פּעטרוס און זיינע כאַוויירים די יידישע פישער, די טאַלמידים פון יעשו, זיינע אַפּאָסטאָלן, בערד ווי באַ די אַלטע גאַוטשן, די היטער פון דעם אַרגענטינישן גייסט און אַר־גענטינישן פאָלקלאָר אַף די ענטרע־ריאָסער סטעפּעס. נישט ווכער, נישט

בערזע, נישט מעקלעריי איז זייער באַשעפטיקונג און אויך נישט פון ניוועדיקע און נידעריקע פּאַרנאָסעס ציִען זיי זייער כאַיונע, נאָר פון דער ערד ציִען זיי זייער ברויט, ווי עס האָבן געטאָן זייערע עלטערן פון פּאַרצייטן איידער מען האָט זיי איינגעשלאָסן אין די געטאָס...

איר ווילט זען די יונגע ייִדן אין אַרגענטינע? אָט זיצן מיר אינעם „ראַנטשאָ" און מיר הערן זיך איין צו די העלדן־מייסעס פון דאָן רע־מיכיאָ קאַלאַמאַקאַ, דעם אַקסנטרייבער און צוימער, אורקיזאָס אַ זעל־נער, נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט די מעשאָלים פון מעדרעש, דערציילט פון דעם אַלטן און קלוגן רעב געדאַליע. און אָט זיינען אונ־דזערע יונגע שוועסטער, וואָס איר באַלײדיקט אַזוי, ווייל איר קענט נישט קיין אַנדערע, ווי נאָר די וואָס איר גוצט אויס זייער געפאַלנקייט, די קאָרבאַנעס פון דער אייראָפּעיִשער גרויסשטאָט, וואָס ווערן צוגעשלאָגן צו די היגע ברעגעס ווי דאָס אָפּפאַל אַף די כוואַליעס פון דער וואַנ־דערונג. דאָ האָט איר ראָכלען מיט אויגן ווי באַ דער הייליקער יונגפרוי, און ריווקען און מיריעמען און רוטן, צנועדיקע און האָרעפּאַשנע ייִדי־שע מיידלעך, וואָס זינגען גאָלדפּאָדענס לידער און לייענען שאָמערס ראָ־מאַנען און האָבן ליב מיט זייער פרומער ראָמאַנטישער נעשאָמע נישט די שטאָטישע יונגעלייט, נישט די רייכע קאָמאַטשאָס, נאָר די קאָלאָניס־טישע באָכערים, וואָס אַקערן און זייען, קליידן זיך, מייסע גאַוטש, מיט די באָמבאַטשאָס, מיט די מעסערס אין די גאַרטלען און האַצקען זיך אַף די אַליין געצוימטע סטעפּישע פערדלעך...

און אַז איר ווילט, קוקט אייך אָן אינעם שפּיגל, וואָס איך האָב אייך פאַר די אויגן אָוועקגעשטעלט און דערקענט אייך אין דאָן בריכי־דאָ קרוס פון דער „מייסע מיט דעם געגאַנוועטן פערד". מען האָט אים וועזאָגט, דעם שמאַלקעפּיקן פאַרשיקערטן „אייגנטימער", וואָס ווינט בישכיינעס מיט דער ייִדישער קאָלאָניע, אַז ייִדן האָבן צוגעגאַנוועט זיינס אַ פערדל אַ פּעגירע, און ער גלייבט דערין מיט דער גאַנצער טעמפּ־קייט פון אַן אידיאָט... איר קענט אויך, אַגעוו, אַריינקוקן אינעם מאָטאָ צו דער מייסע, וואָס איז אַרויסגענומען פון אַ בריוו, געשריבן פון דאָן גיליערמאָ ריימונדאָ דע מאָנקאָדאָ, פירשט פון מאַרמילאָ, האַר פון אָזמאָ־טאָ, צום ריטער דאָן פעליפּע דע מאָנטרעאַל, ווו ער שרייבט אים, אַז געגאַנוועט האָט באַ אים זיין שווערד דאָן נוניאָ דע געוואַראָ, נאָר זאָגן

זאָל ער, אַז געגאַנוועט האָט זי דאָן מאַיסעס דע סאַנדראַוואַל, וואָס איז אַ ייִד און, ווי דער גאַלעד זאָגט, איז עס אַ מיצווע אַרויפצוליייגן די שולד אַף די הינט פונעם געטאָ און ניט אַף קריסטלעכע פּיכאַדאַלגאָס...

אַזוי, דאַכט זיך אונדז, רעדט דער יונגער ייִדישער גלאַדיאַטאָר, וואָס איז אַרויפגעקומען אַף דער אַרענע פון דער אַרגענטינישער ליטע־ראַטור, אַלבערטאָ גערשונאָוו, אין זײַנע „ייִדן גאַוטשן" צו יענע קאָלעגן זײַנע, וואָס שרײַבן וועגן ייִדן דאָס וואָס מען האָט זיי געזאָגט און נישט דאָס וואָס מען קען זען, ווען מען וויל נאָר. מיט דער פולער זיכערקייט קען מען זאָגן, אַז אויב אין דער אַרגענטינישער פּרעסע פון יענער צײַט, און אין „לאַ נאַסיאָן" גופא, וווּ עס האָט זיך געדרוקט אין העמשאַכים דער אַנטיסעמיטישער ראָמאַן פון כוליאַן מאַרטעל, האָבן זיך באַוויזן פּאַרטיידיקונגס־אַרטיקלען און אַפילו לויב־געזאַנגען צו ייִדן, איז עס גע־ווען אַ דאַנק דער פּערזענלעכער ווירקונג פון אַלבערטאָ גערשונאָוו אַף דער גרופּע שרײַבער, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט און פרײַנט גע־וואָרן. צווישן זיי באַזונדער מיט רובען דאַריאָ און לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס.

רובען דאַריאָ שרײַבט אין זײַנעם אַן אַרטיקל אין „לאַ נאַסיאָן" פון 5טן אָקטאָבער 1912 צו דער פּאַרטיידיקונג פון דער ייִדישער אימיגראַנ־דערונג:

„... פאַרגרייטן אַרגענטינער פאַר מאָרגן, אַרגענטינער, וואָס וועלן שאַפן נײַע דערפער און נײַע שטעט. אַט זעט ווי מען האָט אַ צײַט לאַנג געהאַלטן, נישט געקוקט דערויף וואָס מען זעט עס גאָר אַנדערש פונעם טאַלמוד, — אַז ייִדן זײַנען נישט פעיִק צו באַאַר־בעטן די ערד און אָפּצוגעבן זיך מיט האָדעווען פי, און אַ דאַנק דעם באַראָן הירש איז דערוויזן געוואָרן פונקט דאָס פאַרקערטע אין די קאָלאָניעס, ווי דאָס האָט אַנטפּלעקט מיט זײַן ווונדערלעכער פעדער דער טאַלאַנט פון אַלבערטאָ גערשונאָוו".

אומדירעקט איז אָט די ווירקונג פון גערשונאָווס „ייִדן גאַוטשן" צו זען אויך אין אָט די סטראָפן פון רובען דאַריאָס „אָדע צו אַרגענ־טינע" צום ערשטן יאָרהונדערט פון איר באַפרײַונג:

„זינגט, איר, ייִדן פון דער פּאַמפּאַ!
„באָכורים האַרט־געשטאַלטיקע
„רעבעקאַס מילדע מיט אָפענע אויגן,

„וויס־האריקע פאטריארכן
„מיט לאקן געדיכטע ווי גריוועס ;
„זינגט, זינגט, איר, אלטע סארעס
„און יונגע ביניאמינס
„מיט א קאל פונעם הארצן :
„מיר האבן ווידער געפונען ציאן !"

מיר זאגן, אז די ווירקונג איז געווען אן אומדירעקטע, מאכמעס מיר ווילן ניט זינדיקן קעגן דער אויגנשייַנלעכקייט ; אין דער עמעסן איז די ווירקונג א גאנץ דירעקטע, ביפראט ווען מען ווייס, אז די גרופע שרייַבער־פרייַנט פלעגן זיך גאנץ אפט צונויפקומען און לייענען זייערע שריפטן א סאך פריִער איידער זיי זייַנען געדרוקט געווען. פון א בריוו געשריבן פון עמיליא בעכער אין פעברואר 1903, שפעטער געדרוקט אין זשורנאל „נאסאטראס", איז צו זען, אז שוין דעמאלט האט אלבערטא גערשונאוו אנגעהויבן שרייַבן זייַנע „יִדן גאוטשן" און זייַנע נאנטע פרייַנט, צווישן זיי רובען דאריִא, האבן זיך שוין געהאט באקאנט מיט זייַנע רעבעקאס, בענכאמינעס און סאראס.

דאס אייגענע דארף געזאגט ווערן וועגן לעאפאלדא לוגאנעס. דער זעלבער לוגאנעס, וואס האט אזוי טראגיש (מאראליש ווי פיזיש) פאר־ענדיקט זייַן דיכטערישע קאריערע און זי פארפלעקט מיט זייַנע לויב־ארטיקלען צו מוסאליניס פאשיזם און צו דער פאשיסטיש־קאטוילישער „דאגמע פון געהארכזאמקייט", האט געשריבן באגייַסטערטע שורעס וועגן די לאנג־בערדיקע און לאנג־קאפאטעדיקע יִדן פון די קאלאניעס, וואס אלבערטא גערשונאוו האט באזונגען אין זייַנע „יִדן גאוטשן".

אין זיינע „הונדערטיאריקע אדעס", געשריבן צום יארהונדערט פון דער ארגענטינישער באפרייַונג, זינגט לעאפאלדא לוגאנעס, מיט די אויגן געווענדט צו די יִדישע קאלאניעס :

„טראג אונטער דייַן שויס די אונטערדריקטע לייַט
„מיט דעם געלאסענעם און זיכערן זשעסט
„ווי די עסטעטיק פונעם ארעם צייכנט אן
„א זעלן־רו אין ריינעם מירמלשטיין.

„אין יוישער, דייַן אלטן האנער אנהאלטנדיק,

„פארפעסטיק דיינע יארהונדערט־אלטע טורעמער
„און זאל דיין דימענטענע צירונג זיין
„דער אויצער טרערן דורך דיר פארמיטענע."

„פון זייער מי געזונטער די פרוכטבארקייט
„דערהויבן ווערט אין דעם גוטן לאנד,
„וואס זיכערט צו די פארפאלגטע לייט
„פאר זייער אויפטו גערעכטן לוין."

די ארגענטינישע ליטעראַרישע וועלט, און די שפאניש־שרייבנדיקע ביכלאל, האט אויפגענומען אלבערטא גערשונאָווס „יידן גאוטשן" ווי אן עפאכע־מאכנדיקע ליטעראַרישע געשעעניש. דער נייַנציק־יאריקער קאָלאמביאנער עסעיסט און שריפטשטעלער באלדאמערא סאניז קאנא, לאנג־יאריקער מיטארבעטער פון „לא נאסיאן", שרייבט אין זיין בוך „קאדאק ארכענטינא" וועגן גערשונאָוון אין יאר 1927 :

„אין א סוויווע, וווּ די ווארט־מייסטער האבן מיט אלע זייערע קויכעס געזוכט זייערע מוסטערן אין דער פראנצויזישער ליטעראטור, וועלכע איז אזוי לויטער און רייך אין אויסדרוק־מיטלען, און איז צוגעפאסט אזוי פאר עקזאקטע אידעען ווי פאר ווייכע און פארשוומענע שאטירונגען, האט ער, נישט האבנדיק פארנאכלעסיקט די באַרירונג מיט די קלוגע מייסטער, איינצייטיק זיך אריינגעווארפן אין דער מעטאדישער קולטיווירונג פון די שפאנישע קלאסיקער. פון זיי האט ער ארויסבאקומען די זאפטיקייט פונעם זאץ, די פליסיקייט אינעם אויסדרוק, וואס איז זעלטן צו געפינען בא די אמעריקאנישע שרייבער. זיין פראזע דערמאנט אפט אן דער אומענדלעכער זיסקייט פון די גרויסע יידישע דיכטער. ער איז א סענטימענטאלער שרייבער, וואס זיין לייכטקייט זיך צו עמאציאנירן, קען נישט באזייטיקן זיין באוויירונג מיט דער רעאליטעט. ער איז ליידנשאפטלעך פארכאפט פון אידעען און געפילן און אין זיין ליטעראַרישן שאפן ווייזט ער ארויס א פארליבע צו סימבאלן, צום אנאליז פון רעאלע און פיקטיווע טיפן, וואס דינען פאר א שפיגל, אין וועלכן מען זעט קלאר און בוילעט די הויפט־מיילעס און כעסרוינעס פונעם מענטשלעכן מין. פונקט ווי די גרויסע סענטימענטאלע דיכטער בייראן און היינע, וועלכע ער בא־

וווּנדערט מיט טיפער פארשטענדעניש און הארציקער סימפאטיע, נוצט ער זיך גאנץ אפט און בייז מיט דעם געווער פון דעם איראניקער. ער איז, פונדעסטוועגן, פארזיכטיקער און מעיושעוודיקער פון זיינע מוסטער־דיכטער און נוצט די דאזיקע אויסדרוקס־פארמען אפטער אין געשפרעך ווי אין דער מעכייעדיקער ראכוועס פון זיין פלייסיקער און לעבעדיקער פעדער".

לויס גודיניא קראמער, היינט איינער פון די אנגעזעענסטע ארגענטינישע עסעיסטן און פארגעשריטענער אינטעלעקטואל, אן ענטרע־ריאַנער טוישעוו, וואס וווינט איצט אין סאנטא־פע און איז באהאוונט אין יידישע פראבלעמען, שרייבט אין זיין עסיי „וועגן דער אקטועלקייט פון די «יידן גאוטשן»," געדרוקט אינעם נומער „דאוואר", וואס „העבראיקא" האט געווידמעט דעם אנדענק פון אלבערטא גערשונאוו:

„«יידן גאוטשן», נישט געקוקט אף דער ראמאנטישער עקזאלטאציע פון דעם ווערק, וואס איז אייגן געווען דעם קלימאט, וואס די צוגרייטונגען צו פייערן אונדזער ערשטן יארהונדערט האבן געשאפן, פארמאגט אין זיך גלייכגעוויכטיקע ווערטן פון אייביקן קינסטלערישן אינטערעס. צו דער צייט ווען דאס ווערק איז דערשינען, זיינען בא אונדז אין לאנד קוים געווען א האלבער טוץ שרייבער, וואס האבן זיך אונטערגענומען אפצוגעווינען פאר דער מאדערנער ליטעראטור די נאציאנאלע טעמעס. גערשונאוו איז צוגעשטאנען צו זיי און האט אריינגעבראכט א נייעם סטיל און וואס נאך וויכטיקער, ווי מיר גלויבן, ער האט אריינגעפירט אין דער ארגענטינישער ליטעראטור רעאלע יידישע פארשוינען, בירגער פון אט־דער דעמאקראטיע, וואס איז אלץ קרעפטיקער געווארן וואס מער פרייהייט זי האט לעפאנעם געגעבן די וואס זי האט ארונטערגענומען אונטערן שוץ פון אירע אינסטיטוציעס".

אף א צווייטן ארט אינעם זעלבן עסיי נעמט אריין גודיניא קראמער אלבערטא גערשונאווס „יידן גאוטשן", אינאיינעם מיט „בלאסאן דע פלאטא" (זילבערנער הערב) פון ריקארדא ראכאס און „די פריילעכע אוואנטורעס פון כואן מארייראס איינעקל" פון ראבערטא פיירא, צווישן די דריי וויכטיקסטע ווערק, וואס די ארגענטינער שרייבער האבן אונטערגעטראגן דער פייערונג פונעם ערשטן יארהונדערט ארגענטינישע רעפובליק און אז זיי צייכענען אן דעם אנהייב פון א קינסטלערישער ליטע־

ראַטור מיט אַזאַ פּאַרנעם, וואָס האָט ביז דעמאָלט נישט געקענט אויפ־
קומען זינט „פאַקונדאָ” פון סאַרמיענטאָ און „מאַרטין פיעררא” פון
הערנאַנדעז.

אין דעם עסיי איבער „ייִדן גאָוטשן” באַרירט אַגעוו גודיניאָ קראַ־
מער, וואָס קען אויסגעצייכנט די ייִדישע קאָלאָניעס פון ענטרע־ריִאָס און
סאַנטאַ־פע, די סיבעס וואָס האָבן גוירעם געווען אַז אַט דער „גאַרדאַ־
ניאַנישער פרווו פון דערלייזונג דורך ערדאַרבעט” (גודיניאָ קראַמער
מיינט דאָ דעם אידעאַליסט און טעאָרעטיקער פון די „צעירי ציון” א. ד.
גאָרדאָן, וועלכן ער שרייבט צו אַלפּי־טאָעס די אידעע פון די „בילויים”
און פון מאַנדעלקערנס „עם עולם”, פון וועלכע א. ד. ג. איז בלויז אַ נאָכ־
גייער — פ. ק.) זאָל נישט ברענגען די ייִדן פון דאָרף און שטאָט די
גלייכהייט און פרייהייט, וואָס דער אידעאַליסטישער און באַגייסטערטער
אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט געזען אין זיין פאַרשטעלונג. ער הייסט זוכן
די סיבעס אין דעם אַלגעמיינעם סאָציאַלן סיסטעם פונעם לאַנד, און ווי
מיר האָבן שוין אָנגעדייט אויבן, איז דער איניען פון די נישט מעקויעם־
געוואָרענע וויזיעס, סיי פונעם באַראָן הירש און סיי פון די אַרגענטי־
נישע שטאַטסמענער, אַ טעמע פאַר זיך.

גראַד פון זיין בעסטן פריינט, פון ראָבערטאָ פּײַראָ, וואָס איז גע־
ווען אַלבערטאָ גערשונאָווס ליטעראַרישער קוואַטער און האָט אים אויך
אַריינגעפירט אַלס מיטאַרבעטער אין „לאַ נאַסיאָן”, האָט דער מעכאַבער
פון „ייִדן גאָוטשן” באַקומען די שטרענגסטע קריטיק. אין אַ בריוו, דאַ־
טירט אין בריסל פון יולי 1910, וואָס איז ביז איצט אין ערגעץ נישט
פאַרעפנטלעכט, שרייבט ראָבערטאָ פּײַראָ, דער סאָציאַליסטישער און רעאַ־
ליסטישער שרייבער, צו זיין אידעאַליסטישן טאַלמיד, נאָכדעם ווי ער
לויבט אויס זיין לעבעדיקן שיינעם און ביז עלעגאַנץ פּאַשעטן סטיל, וואָס
איז אין דער זעלבער צייט אַזוי פינטאַרעסק און עמעסדיק:

„...איך וואָלט וועלן זען דאָס אינעווייניקסטע פון דיינע ייִדי־
שע גאָוטש־מיידלעך פונקט אַזוי ווי איך האָב געזען זייערע וווּנדער־
לעכע פאַרברוינטע ברוסטן, אַזוי אויך וואָלט איך וועלן זען די פיינע
און סובטעלע שווערד, די נעשאָמע, וואָס ליגט אין דעם איינגעשרומ־
פּענעם גוף־שייד פון אַזאַ ייִד־גאָוטש ווי פּײַוול דוגלאַטש און זיינס

גלײַכן. װעסט האָבן טאָרומעס אָף מיר, װעסט זאָגן, אַז געװיזן האָסטו גראָד די נעשאַמעס. און װעסט זײַן גערעכט. נאָר נישט גענוג.

„אַן אַנאַליז פון זײער אָרט דענקען, אין עלעגאַנטער פּראָזע אײַנגעהילט (ניט װי דאָס טױט בורזשע, נאָר אָף דעם גרױסן באַלזאַקישן מאַניר), װאָלט געװען אױסגעצײכנט און װאָלט געװען פאַר דיר אַזױ גרינג װי אױסצוטרינקען אַ גלאָז טײ מיט אַ סאַך צוקער װי אין די גוטע צײַטן.

„בעקיצער, די גאַנצע אױסערלעכע זײַט פון דײַן בוך איז פּױמאַ, פון ערשטן סאָרט; אינעם אינטימען טײל, אין דער נעשאָמע פונעם בוך פעלט עפּעס. האָט עס דיר קײנער נישט געזאָגט? איך װײס! איך װאָלט עס דיר אױך נישט געזאָגט, װען איך דערמאָן מיך באַצײַטנס אָף דער װײטיקלעכער פּאַרקערטער װירקונג װאָס עס מאַכט יעדער װאָרט װאָס איז נישט קײן דערמוטיקונג אָף דעם געביט פון קונסט. נאָר װער זאָל עס דיר זאָגן, אַז נישט איך, װאָס בין שױן געװױנט צו לײַדן דעם פּױעל־יױצע פון מײַנע מײנונגען און פאַר מײַן אױפריכטיקײט בין איך מער פאַרשולדיקט צו מײַנע פרײַנט אײדער צו מײַנע סאָנים. דײַן בוך איז אַ ביז גאָר שײן בוך, װײניק ביכער אין דער אַרגענטינישער ליטעראַטור קענען זיך דערמיט פאַרגלײַכן. דאָס איז אָבער נאָך נישט דאָס מײַסטער־װערק צו װעלכן כערטש *) דאַרף זוכן צו דערגרײכן. און אַזױ װי אַלץ װאָס מען זאָגט, מוז מען שטענדיק דערװײַזן, װיל איך פּאַשעט פרעגן װוּ איז דער אומצופרידענער פון ראַכיל? װוּ איז דער װאָס איז אַװעק צוריק צום האַנדל װען עס האָט אים דערעסן די פּרוכטבאַרע ערד? װוּ איז דער אומצופרידענער מיט דער רוסישער אױטאָקראַטיע, װאָס האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט דער דאַרעם־אַמעריקאַנישער קלױמערשטער רעפּובליק און כאַלעמט װעגן גרעסערע און שענערע הומאַניטאַריש־דעמאָקראַטישע דערגרײכונגען? װוּ איז דער קריטישער שטאַנד־גײַסט, װאָס טרײַבט דעם פאָרשריט? איז עס רעב אַװראָם, װאָס באַצאָלט פאַר אַ נישט־געגאַנװעטן פערד?..."

ראָבערטאָ פּײַראַ כאַפּט זיך גלײַך פאַרגלעטן דעם שאַרפן טאָן פון

*) הײמישע פאַרקירצונג פון כערטשונאָװ (גערשונאָװ).

זײַן קריטיק און גייט איבער אינעם בריוו צו פּריִערדיקן היימישן טאָן:

„...דאָס האָסטו דיר, מײַן טײַערער כערטש, פֿאַר דײַן ניט שרײַבן צו מיר. דײַן שווײַגן מאַכט מיך שלעכט געשטימט און איך בין קאַפּאַבל דיר צו זאָגן פּופּציק טויזנט ווילדקייטן, ווי דעמאָלט ווען איך פֿלעג אויפֿגעבראַכט ווערן פֿון עפּעס אַ פּאַראַדאָקס בעיס אונ־דזערע אומפֿאַרגעסלעכע מעסובעס. נאָר גיב דיך נישט נאָך, טו ווי דיר געפֿעלט, סיוועט עפּשער זײַן ניט אַזוי פּערפֿעקט, אָבער נאָך אַלץ בעסער ווי די פּראָזע וואָס ווערט בײַ אונדז אַפּלאָדירט אַזוי אַז ערגעץ אַנדערש וואָלט מען עס נישט פֿאַרליטן. אַלע האָבן מיר געזונגען לויב־געזאַנגען צו ווערק וואָס מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר קליין, אויב ניט פֿאַר ווערטלאָז; קעדיי אויפֿצוהאַלטן דאָס פֿײַער פֿון קונסט, האָבן מיר געליגנערט; צוליב דערמוטערן האָבן מיר מעגאַזעם געווען; מען מוז קעגן דעם רעאַגירן, נישט אָפּטרעטנדיק פֿונעם פּרינציפּ, וואָס איז פּאַרט דערלייזנדיק; מען דאַרף קיינעם נישט אָוועקהאַרגענען, מען דאַרף אָבער אויך ניט, צוליב דעם אָדער יענעם פּרינציפּ, שטעלן עמעצן העכער ווי ער דאַרף שטיין. דו ביזט דער ערשטער קאָרבן פֿון מײַן נײַעם קוק אויף די זאַכן, נאָר צו דײַן טרייסט וועל איך דיר זאָגן וואָס איך דענק מיקויעך אַנדערע אַרגענטינער שרײַבער און דו וועסט ניט בלײַבן, ניט אָפּן שפּיץ און אויך ניט אינדערמיט פֿונעם לייטער, נאָר אַ סאַך העכער פֿון טייל שרײַבער וואָס גייען אָן פֿאַר ליטעראַטן פֿון ערשטן וואַסער..."

מ. קאַנטאָר (אַן איידעם פֿון אַלבערטאָ גערשונאָוו, וואָס האָט אונדז צוגעשטעלט דעם בריוו פֿון ראָבערטאָ פּײַראָ, ווי די פֿריִער ציטירטע אויסצוגן פֿון רובען דאַריאָ, לוגאָנעס, סאַנין קאַנאָ און עמיליאָ בעכער), מערקט אָן דערצו, אַז מיט פֿופֿצן יאָר שפּעטער, ווען ראָבערטאָ פּײַראָ איז צוריקגעקומען פֿון אייראָפּע, האָט ער אויף אַן עקזעמפּלאַר פֿון זײַן נײַ־דערשינענעם בוך „קאַפּיטאַן ווערגאַראַ", צו וועלכן אַלבערטאָ גער־שונאָוו האָט אָנגעשריבן אַ פֿאָרוואָרט, אויפֿגעשריבן פֿאָלגנדע דעדיקאַ־טאָריע: „אַלבערטאָ גערשונאָוון, וואָס איז פֿון טאַלמיד און טויף־זון געוואָרן מײַסטער און קוואַטער".

וואָס שײַעך ראָבערטאָ פּײַראָס קריטיק וועגן דעם וואָס אין אַלבערטאָ גערשונאָווס „ייִדן גאַוטשן" זעט מען ניט די אומצופֿרידענע, די וואָס

זייער אומצופרידנקייט האָט פול געמאַכט די ייִדישע פּרעסע אין אַרגענטי־
נע זינט איר אויפקום ביז דער לעצטער צײַט און האָט געדינט אַלס טעמע
פאַר די ייִדישע שרײַבער פון די קאָלאָניעס, פאַר מאָרדכע אַלפּערסאָן, ש.
פּוסטילניק, כאַיִם־שמועל און צווי שנײַדער, ד"ר ע. לייבאָוו און אַנדע־
רע ; די אומצופרידענע, וואָס זייער „גרוים און ביטער געשריי" האָט זיך
צעטראָגן פון דעם „ווידער־קאָל" און דער „פאָלקס־שטימע" און האָט
זיך דערטראָגן צו די אויערן פון ראָבערטאָ פּײַראַ אַזש קיין בריסל און
האָבן, פאַרקערט, אינעם „פּאַנאַגראַף", וואָס האָט פאַרטיידיקט די יִק"אַ־
אַדמיניסטראַציע, באַקומען דעם נאָמען „מתאוננים", ווי דאָס קויראַד־
געזינדל אינעם דאָר־האַמידבער, — איז גראַד צווישן ייִדן ביז היַינטיקן
טאָג קיינעם נישט אײַנגעפאַלן דאָס צו פאָדערן פון אַלבערטאָ גערשו־
נאָווס אַפּאָלאָגעטישן ווערק, וואָס האָט אויסגעפילט גאָר אַן אַנדער מי־
סיע, ווי מיר האָבן דאָס פאַרשטאַנען ביז איצט און ווי מיר פאַרשטייען
דאָס אויך איצט. די מיסיע זײַנע איז געווען פאַר אַלעמען אַ פּאָלעמישע
קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, ווי מיר ווײַזן דאָס אָן אויבן, און אין דער
זעלבער צײַט — צו שאַפן אַן אַטמאָספער פון פרידלעכן צוזאַמענלעבן
צווישן דער איבעריקער אַרגענטינער באַפעלקערונג און דער ייִדישער,
אינעם דאָרף ווי אין שטאָט, אַן אַטמאָספער, וואָס ווערט געשאַפן פון
קענען זיך און פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. עמעס, אַזאַ אַטמאָספער
ווערט אויך געשאַפן דורך אינטערעסן־געמיינשאַפט און געמיינזאַמען
קאַמף קעגן אַ געמיינזאַמען סוינע, אָבער וועגן אַזאַ קאַמף איז נאָך דע־
מאָלט צו פרי געווען צוריידן אין דער ייִדישער קאָלאָניע און געקומען
איז ער ערשט שפּעטער אויך, צוגעבן מוז מען, אַז אָט־דער קאַמף איז
נישט פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן.

מיר שטרײַכן אונטער, אַז די מיסיע, וואָס אַלבערטאָ גערשונאָוו
האָט פאַר זיך געהאַט מיט זײַנע „ייִדן גאַוטשאָן" איז געווען קעגנזײַטיקער
פאַרשטיין זיך פון ייִדן און ניט־ייִדן און בעשום־אויפן ניט אַסימילאַציע,
ווי עס האָט געמיינט דער האַקדאָמע־שרײַבער צו דער ערשטער אויסגאַ־
בע פון 1910, מאַרטיניאַנאָ לעגיזאַמאָן, און אַנדערע ניט־ייִדן. ער איז
דאָס נישט אויסן געווען אַפילע דאָרט ווו ער ווײַזט אונדז אַ ייִדיש־קאָ־
לאָניסטיש מיידל אַנטלויפן מיט אַ יונגן גאַוטש, וואָס טראָגט זיך מיט
איר דורך אַף זײַן פערד אינמיטן קאָלאָניע אין אַ שאַבעס ווען די קאָ־

לאַניסטן זייַנען אין שול באַם דאַווענען. זייַן אייגן לעבן אַלס ייִד און אַרגענטינער איז אַן אַפּלייקענונג פון דער באַהויפּטונג.

ווען אַלבערטאָ גערשונאָוו ליטעראַרישן שאַפן ביכלאַל, ווען זייַן ליטעראַרישער פּערזענלעכקייט און דער ליטעראַרישער ירושה, וואָס ער האָט נאָך זיך געלאָזט, וועט דער לייענער באַקומען אַ געוויסן באַגריף פון די עטלעכע אויסצוגן, וואָס מיר גיבן צום אָנהייב, פון דעם שוין דער־מאָנטן „אַנעקדאָטאַריום״, וואָס ווערט געגרייט צום דרוק פון מ. קאַנ־טאַר. דאָ ווילן מיר בלויז אָנווייַזן אַף זייַן באַציִונג צו ייִדיש.

אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט ביכלאַל געהאַט אַ זעלטענעם אויער פאַר שפּראַך, פאַר איר מוזיק ווי פאַר איר עכטקייט, וואָס ער האָט געלערנט פון סערוואַנטעסעס „דאָן קיכאָט״. וואָס שייַעך ייִדיש, האָט ער נישט געקענט פאַרלייַדן ווען מען האָט אין דער שפּראַך אַרייַנגענומען אומ־נייטיקע גערמאַניזמען. ס'איז נישט קיין ייִדיש, — פלעגט ער זיך בייז־זערן, — ס'איז דייַטשישע מאַנירלעכקייט. פאַר עכט ייִדיש האָט ער גע־האַלטן דאָס לאָשן פון די פּאָדאָליער ייִדן, אָדער ווי ער פלעגט זאָגן: טולטשינער, מיינענדיק דערמיט דעם ייִדיש, וואָס ער האָט געהערט ריידן און גערעדט באַ זייַנע עלטערן אין שטוב און אין דער קאָלאָניע. און מעגלעך, אַז דערפאַר וואָס ער האָט נישט געהאַט די געלעגנהייט צו שרייַבן אין זייַן ייִדיש, האָט ער ביכלאַל קיין ייִדיש נישט געשריבן. פון די ייִדישע שרייַבער האָט ער מער ווי אַלץ באַוווּנדערט שאָלעם־אַליכע־מען און י. ל. פּערעצן.

דער נייַער אַרגענטינישער שרייַבער האָט גוט געקענט זייַן אינס־טרומענט און האָט געוווּסט וואָס ער קען אַף אים אַרויסברענגען. זייַן ליבלינג־זשאַנר איז געווען דער עסיי, וואָס סטיל שפּילט דערבייַ אַ זייער וויכטיקע ראָל. אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דער נאָענטסטער צו אים ה. ד. נאָמבערג. די דערציילונגען אין די „ייִדן גאַוטשאָן״ געהערן אויך ניט צום געוויינלעכן זשאַנר דערציילונג און זייַנען נענטער צו פּאָע־זיע אין פּראָזע. טיף באַ זיך האָט ער זיך עפּשער געטראַכט, אַז ווען ער איז סערוואַנטעס, וואָלט ער מער ווי „דאָן קיכאָט״ ניט אָנגעשריבן, און דערציילונגען, לידער און דראַמען שרייַבן וואָלט ער איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע.

דאָס אָבער וואָס אַלבערטאָ גערשונאָוו האָט אָנגעשריבן וועגן ייִדן

און נאָכמער דאָס אָרט, וואָס ער האָט פאַרנומען צווישן ייִדן, זײַן ייִדי־
שע שטעלונג בײַ יעדן איניען, וואָס האָט באַרירט ייִדן; זײַן שאַרף
וואָרט, פון דער טריבונע אָראָפּ, דער אַרגענטינישער שרײַבער־מישפּאָכע
פאַר איר פאַרשווײַגן די נאַצישע רעציכעס איבער מיליאָנען ייִדן, זײַן
אַקטואַציע אין שײַכעס מיט דעם אויפקום פון מעדינאַס ייִסראָעל, גיט
אים אַ רעכט באַטראַכט צו ווערן אַלס דער מוסטער פון דעם טיפּ מענטש,
וואָס ייִדן אין אַרגענטינע האָבן באַשאַפן, דעם טיפּ אַרגענטינער ייִד.
וואָס איז, ווי שוין אויבן געזאָגט, דורכוים ייִד און דורכוים אַרגענטינער
און לײקענען ניט אָפּ איינער דעם צווייטן אַף אַ האָר. ער איז דער ערש־
טער, וואָס האָט מיט זײַן ווערק און מיט זײַן אייגן לעבן דעם דאָזיקן נײַ־
אויפגעקומענעם טיפּ מענטש פּראָקלאַמירט.

פּ. קאַץ

דעם פאַרערטן אנדענק פון דעם באַראָן מ ו י ש ע ה י ר ש, גרינדער פון די ייִדי־שע קאָלאָניעס אין דער אַרגענטינישער רע־פּובליק. זײַן ברויט האָבן דאָס ערשטע גע־געסן די מײַניקע, אַף אַמעריקאַנער ערד און ווי אַן אויסדרוק פון פּאַשעטן דאַנק שרײַב איך אויף זײַן נאָמען באַם אָנהייב פון דעם בוך.

מיט זײַן שטאַרקן אָרעם האָט אונדז גאָט אַרויסגעצויגן פֿון פֿאַרעם קנעכטשאַפֿט אין מיצראָים.

(פֿון דער האַגאָדע)

און אָט, ברידער מײַנע פֿון די קאָלאָניעס און פֿון די שטעט, פּראַוועט די רעפּובליק איר גרויסן יאָנטעוו, דעם יאָנטעוו פּייסעך פֿון איר באַפֿרײַונג.

העל זײַנען די טעג און מילד זײַנען די נעכט ווען עס טויכט אויף דער לויב צום אָנדענק פֿון די העלדן; צום ווײַס־בלויען הימל — ווײַס־בלוי ווי די פֿאָן — הייבן זיך די יובל־געשרייען. מיט בלומען ווערן באַלעבט די לאָנקעס און די פֿעלדער מיט גרינעם פֿאַרזיי.

געדענקט איר ווי איר פֿלעגט, דאָרט אין רוסלאַנד, גרייטן די טישן צו די פּייסעכדיקע סדאָרים? אַזאַ גרויסער יאָנטעוו איז דער איצטיקער.

לייגט אַוועק אײַערע אַקערס און גרייט אײַערע טישן. פֿאַרשפּרייט זיי מיט טישטעכער קלאָרע, קוילעט לעמעלעך ווײַסע און שטעלט ווײַן און זאַלץ אין אַ מאַזלדיקער שאָ. ברייטהאַרציק הײלט די פֿאָן די אַלטע ווייען פֿונעם פֿאָלק און בינדט איבער זײַנע ווונדן מיט מאַמישע הענט.

וואַנדערנדיקע ייִדן, פֿון אַלטע פּײַנען צעריסענע, פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט אויסגעלייזטע, לאָמיר קניִען, און אונטער אירע ברייטע

פאַלדן מיטזינגען מיט די זון־באַשיינטע כאָרן, לאָמיר זינגען דאָס געזאַנג פון די געזאַנגען, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

הערט אויס מענטשן דעם הייליקן רוף...

בוענאָס־אײַרעס,
אינעם פײַער־יאָר פון ערשטן אַרגענטינישן יאָרהונדערט.

געלויבט ביזטו, גאָט, מײלעך פֿון אַלע פֿעל־קער, וואָס דו האָסט באַשאַפֿן די פֿרוכטן, וואָס די ערד גיט אונדז און עס גיבן אונדז די ביימער.

(אַ טאָג־טעגלעכע בראָכע)

די גרעסטע און די שטאַרקסטע מענער פֿון יעהודאַ האָבן באַאַרבעט די ערד; ווען דאָס אויסדערוויילטע פֿאָלק איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער קנעכטשאַפֿט, האָט זיך דאָס גענומען צו נידעריקע און געפֿערלעכע פּאַרנאָסעס און גאָט געזאָגט האָט זיך פֿון אים אָפּגעטאָן.

(ראַבוסי, אַלעגאַטאַ)

# בעריישעס

אין דער קויטיקער שטאָט טולטשין, ווינטער אַ צוגעדעקטע מיט שניי, אַ שטאָט מיט באַרימטע ראַבאָנים און אַלטע שולן, האָבן די יעדיעס, וואָס זײַנען דערגאַנגען אַהין וועגן אַמעריקע, פול געמאַכט מיט כאַלעם דאָס האַרץ פון די ייִדן. צי האָט אַמאָל אַ צוגערײַזטער ראָוו געדאַרשנט אין שול אָדער עס האָט זיך אַמאָל אין די טעלעגראַמעס פון אַן אָדעסער צײַטונג גערעדט וועגן די ווײַטע לענדער פון דער נײַער וועלט, פלעגן זיך ייִדן צונויפקומען אין הויז פון דעם כאָשעווסטן שטאָט־באַלעבאָס און מיט געמאָרעדיקן ערנסט אַרומריידן די פּלענער פון אַרויספאָרן.

יאַנקעוו געדענקט די דאָזיקע אַסיפעס. געווען איז עס אין דער צײַט ווען די אויסנאַם־געזעצן קעגן ייִדן האָבן זיך געמערט אין דער הייליקער רוסישער אימפּעריע. קאָזאַקישע שפּיזן האָבן אײַנגעוואַלגערט פאַרצײַטיקע שולן און אַף מיסט־וועגענער האָט מען געשלעפּט איבער די גאַסן די אָרן־קוידעשן, געבראַכטע נאָך פון דײַטשלאַנד, מיט אַלטער געשיכטע הינטער זיך, פּרעכטיקע און איידל־געשניצטע, מיט צעשײַנטע מאָגן־דאָווידן באַקרוינט. יאַנקעוו האָט דאָס נישט פאַרגעסן. אָפּטמאָל וואַכן אויף אין זײַן זיקאָרן די רייד פון די ראַבאָנים, דאָס געוויין פון די ווײַבער ווען די קאָזאַקן האָבן געברענט אין דער אַלטער שול די סייפער־טוירעס, וואָס זײַנען זיידעס האָבן דער שטאָט געשענקט. די גאַנצע שטאָט האָט זיך אָנגעטאָן אין שוואַרצן. געווען איז עס ערעוו שוועס. דאָס גרינס, וואָס מען האָט דערמיט באַצירט די שטיבער צום פרילינגס־יאָנטעוו, איז פאַרוועלקט געוואָרן, פאַרוואָלט די פרויען און די קינדער, און

פערציק טעג און פערציק נעכט האָבן אַלטע לײַט געפאַסט. דעמאָלט האָט דער דײַען, רעב יעהודאַ אַנאַקראַי, געמאַכט זײַן נעסיִע קיין פּאַריז, קעדיי אָפּצושמועסן מיט די מענטשן פונעם באַראָן הירש וועגן אויפשטעלן ייִדישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָבן זיך די ייִדן פאַרזאַמלט און דער אַלטער כאָכאם האָט זיי געקענט אָנזאָגן די גוטע בסורע:

דער העך באַראָן הירש, גאָט זאָל אים בענטשן, האָט צוגעזאָגט אונדז צו ראַטעווען און רעב צאַדעק קויהען, מײַן כאַווער, וועט אים דעריין פירן.

און דער דײַען, מיט זײַן שיינעם לאָשן, וואָס איז געשליפן געוואָרן אין שול־וויקוכים, האָט געמאָלט אַ פּרעכטיקע צוקונפט פאַר דעם גע־פּלאָגטן פאָלק. זײַן באַגײַסטערט קאָל האָט געציטערט אין שול ווען ער האָט גערעדט וועגן דער צוגעזאָגטער ערד. מיט זײַן בייניקער טרוקענער האַנט פון מישן די ספאָרים, האָט ער געקעמט זײַן ברייטע ווײַסע באָרד. זײַנע קליינע פינקלדיקע אויגן האָבן באַקומען אַ נעוויאַישע שײַן.

— איר וועט שוין זען, איר וועט שוין זען! דאָס איז אַ לאַנד, ווו אַלע אַרבעטן און ווו דער קריסט וועט אונדז נישט פײַנט האָבן, מאַכ־מעם דאָרט איז דער הימל אַן אַנדערער, און אין האַרצן בײַ אים איז פאַראַן יוישער און ראַכמאָנעס.

רעב יעהודאַ אַנאַקראַיס ווערטער האָבן באַרויִקט די געמיטער פון די פאַרטרויערטע. דורך די הויכע פענצטער איז געפאַלן די באַנאַכטיקע שײַן און האָט צוגעגעבן די צוהערער אַ פאַנטאַסטישן אויסזען. פאַרזונ־קענע אין עקסטאַז, האָבן די ייִדן געשעפּטשעט:

— אָמיין!

* * *

אין די שאַבעסדיקע פאַרנאַכטן פלעגן טולטשינער אָנגעזעענע ייִדן זיך צונויפקומען צו יאַנקעוון אין שטוב. מען האָט גערעדט דיוורע־טוירע און דער דײַען פלעגט מאַסביר זײַן די שווערע שטעלן מיט רײַעס פון די

מעפארשים און פון די שיַילעם אוטשוּוועס. געווען איז פאר אים אפן דער טאַלמוד און היימיש איז ער געווען אין די מעדראשים און אין זויהאר. זיינע דעמאַלטיקע שמועסן זיינען געווען בעעמעם דראָשעם און האבן געמעגט זיין פארשריבן אין די דיקע כסידישע ספאָרים, וואָס האבן פול געמאכט זיין אַלמער, א געשניצטער פון יערושאַלאַים־האָלץ.

דער טאַלנער רעבע האט אמאל געלויבט שפאניע. דערציילט האט ער וועגן איר גוטער לופט און מיט א קרעכץ דערמאָנט יענע ציַיט ווען יידן האבן געוווינט אף שפאַנישער ערד. שפאניע וואָלט פאר אונדז געווען — האט ער געזאגט — דאס געוווּנטשנסטע לאַנד, ווען אף איר וואָלט נישט געהאנגען די קלאלע פון די ראַבאַנים.

דער דיַיען האט זיך דעמאלט פארקרומט פון צאָרן און עס האט פון אים ארויסגעשריגן:

— ימאד שעמאָ וועזיכראָ! צעשטויבט און פארטיליקט זאל זי ווערן! איך האב קיינמאל נישט געקענט דערמאָנען שפאניעס נאָמען — האט ער זיך פונאנדערגערעדט — מיר זאלן נישט קומען בלוטיקע טרערן אין די אויגן פאר קאַעס און דאס הארץ זאל מיר נישט פול ווערן מיט סינע. זאל זי גאט דער גערעכטער שטראפן און מאכן פון איר אן אייביקן שיַיטער, דערפאר וואס זי האט געפּיַיניקט אונדזערע ברידער און געברענט אונדזערע פירער. אין שפאניע האבן די יידן פריער ווי אומעטום אויפגעהערט באארבעטן די ערד און פיטערן די סטאדעס. פארגעסט ניט, רעבע, וואס אינעם סיידער זעראיַם זאגט זיך, ווו עס רעדט זיך וועגן פעלד־ארבעט: דאס איז די געזונטסטע און די ריינסטע באשעפטיקונג אין די אויגן פון גאט. ווען רעב צאדעק קויהען האט מיר צו וויסן געגעבן וועגן אריבערפארן קיין ארגענטינע, האב איך דערום פון גרויס פרייד פארגעסן אף שיוואס־ציאָן און מיר איז דעמאלט געקומען אפן זיקאָרן א שטעל בא ראבי יעהודא האליייווי: ציאָן איז דארט ווו עס איז פאראן שאלעם און פרייד. אלע וועלן מיר גיין קיין ארגענטינע און ווידער וועלן מיר באארבעטן די ערד און פיטערן אונדזער פי, וואס דער אייבערשטער וועט בענטשן. דערמאָנט אייך די וואס די מישנע זאגט: „נאר די וואס לעבן פון דער פיטערונג און פון דעם פארזיי האבן זייערע נעשאָמעס ריין און זיינען אנגעברייט צו כיַיע אוילעם האבא". אז מיר וועלן צוריקקערן צו אט־דעם לעבן, וועלן מיר אויך צוריקקערן צו אונ־

דזער אמאליקן פאלקס־לעבן, און האלעוויַ דערלעב איך בא מיַין עלטער צו קושן אט־די ערד און אונטער איר הימל בענטשן מיַינע קינדס קינדער!

אזוי האט גערעדט ראבי יעהודא אנאקראי, דער לעצטער פון יענע גרויסע ראבאנים, וואס האבן מיט זייער וויסן באשיינט די קעהילעס פון שפאניע און פארטוגאל. מיט דעם דערמאנען דא זיַינע ווערטער, קוש איך אין זיַין נאמען די ערד, וואס גיט מיר שאלעם און פרייד און, ווי יענע ייִדן, וואס האבן דאס אויסגעהערט, זאג איך:

— אמיין!

# דער אַקערשניט

דער ווינט וויגט די ווײַטע מיט קאָרדאַ פאַרוואַקסענע פעלדער. עס איז קאַלט. דער פרימאָרגן פוילט זיך נאָך אויפצושטיין און אַ זייער דינ־נער שלייער פאַרדעקט די זון. דאָס אַקערפעלד קוקט ווײַס אַפּיר פון אונ־טער דעם פראָסט, וואָס שפרייט זיך פאַרן אויג ווי אַ שניי. עס ווײַטער אַרבעטן די שכיינים און אַז דער ווינט בלײַבט אַ ווײַלע שטיל, הערט מען דאָס רוישן פון דעם קליינעם רעדל באַם אַקער.

מיר דאַרפן אָנצייכענען אַ נײַעם פּאַס ערד צום פאַראַקערן. מיר האָבן אײַנגעשפּאַנט די שטילסטע אָקסן. פינף הונדערט מעטער ווײַטער האָבן מיר אַרײַנגעשטעקט אַ שטעקן אין דער ערד מיט אַ רויטער שמאַ־טע פאַר אַ סימען, און מיר וועלן אַזוי אַרום מאַכן צוויי גענג מיט דעם אַקער, איינעם אַף אַהין און דעם צווייטן אַף צוריק. אָנצייכענען די ערשטע אַקערשניט איז אַ יאָנטעוודיקע אַרבעט. אַלע באַנעמען דאָס.

די פּאָר אָקסן זעען דערום אויס איצט ערנסטער ווי שטענדיק. זיי מאַלעגיירען מיט אַזאַ פאַמעלעכדיקער געמאָסטנקייט און, רויקערהייט וואַרטן זיי, אײַנגעשפּאַנטע אינעם אַקער, עס זאָל זיך אָנהייבן. נאָכמער וויים דאָס דער הונט באַרבאָס. צו אינטערעסאַנט איז די דאָזיקע אַרבעט, אַז דאָס הויזגעזינד זאָל בלײַבן אין דער היים. דאָ שטייט דעריבער די מאַמע מיט דעם פולן קריגל קאַווע מיט מילך, און די מיידלעך. מיר גרייטן אַלץ צו.

— צי זײַנען מיר שוין גרייט?

— באַלד.

איך פיר די אָקסן און מײַן ברודער גייט נאָכן אַקער. „רעכטס!", „לינקס!". די אָקסן פאַרשטייען זייער וויכטיקע שליכעס און טרעטן מיט

אַ דראַבנעם יוסטן שפּאַן. דער שטעקן מיט דער רויטער שמאַטע איז פּונקט אַקעגן דער קייט, וואָס איז צוגעבונדן אינמיטן דעם יאַרמאָ, אַז אויסגעאַרבעטער פון פעסטן קעבראַטשאַ־האָלץ אין דער היימישער סטאָלערײַ, אין די רעגנדיקע טעג, ווען מען קען נישט אַרויסגיין אַרבעטן אין פעלד.

דער אָקער סקריפּעט. פון הינטן גייט די מאַמע מיט די מיידלעך און נעמען די אויגן ניט אַראָפּ פון דער פּאַמעלעכדיקער אַרבעט. דאָס האַלב־נעגערישע יינגל, מיט זײַן שלײַדער־ביקסל און נישט נייטיקן רעד־בענקע, שפּרינגט אַרום די אָקסן און שרײַט. ער איז נישט אַזוי ערנסט ווי באַרבאַס. דער הונט לויפט אַפרײַער. ער שאָקלט מיטן קאָפּ מיט דער געמאַסטנקייט פון אַ פּאַמפּעדיקל און באַוועגט איינציַיטיק מיטן עק. ער ווײַזט אַרויס אַ געזונטן הומאָר און מיט דעם סייכל פון אַן אויסגע־פּרוּווטן פויער, באַנעמט ער די גרויסע וויכטיקייט פון דער דאָזיקער אַר־בעט. ער שפּאַנט זיך אַזוי און עס קימערט אים ניט דאָס אַפּטע איבער־לויפן פון אַ קוראַפּאַטווע און ניט דאָס שפּרינגען פונעם יינגל. די אָקסן שלעפּן געטרײַ און אונטערטעניק. די קעפּ אויסגעצויגן, צוליבן אָנשטרענג, פילן זיי קוים דעם יאַרמאָ, וואָס איז צוגעבונדן צו זייערע גרויסע הער־נער מיט די שענדלעכע רימענעס. פון זייערע מײַלער הענגען אַראָפּ צויטן סלינע. און די ערד, פאַרן ווינטער אַן אָפּגעקילטע, צעעפנט זיך און אָטעמט פון זיך אַרויס אַ שטאַרקן גערוך פון פײַכטקייט און די מיש־פּאָכע אַרום אָטעמט אים אין זיך אַרײַן ווי אַ וואוילשמעקעדיקן רייעך. דאָס רעדל באַם אָקער זינגט אַ לויב צום פּרוכפּערדיקן פּאַרזיי און פון ווײַטנס פּלאַטערט די רויטע שמאַטע מיט דעם שטאָלץ פון אַ פּאַן. דאָס האַלב־שוואַרצע יינגל לויערט אויף אַ שלאַנג, וואָס ציט זיך פויל אַקעגן דער זון...

# פרישע מילך

נישט_ווײַט פון דעם היימישן ברונעם, לעבן דעם צעשאָקלטן פּאַ־לענקע, מעלקט דאָס מיידל די קו. די בעהיימע, אַ צוגעלאָזענע, גוט ווי אַ גוט שטיקל ברויט, שטייט אַ רויקע אַ מעטער די ווײַט. דאָס קעלבל, מיט אַ פוס אָנגעטראָטן אָפן שטריקל, וואָס הענגט בײַ דעם פונעם האַלדז אַראָפּ, שטשיפעט די נידעריקע גרעזלעך. אין מויל בײַ דעם, אָפן רויטן גומען, צעגייען די קרישטאַלענע טראָפּנס טוי. אָפן האָריזאָנט באַווײַזן זיך ראָזעווע פּאַסן און די גאַנצע קאָלאָניע וואַכט אויף. עס צעעפענען זיך די שטאַלן, אַלטע בערדיקע לײַט באַווײַזן זיך אויף די טירן פון די ראַנטשאָס און קײַען דאָס פונפאַרנטיקע דאַווענען. מיטן באַגינען — דעם באַגינען וואָס גאָט האָט געבענטשט מיט דער בראָכע פון די הייליקע ראַבאָנים — קומען אויף די פרימאָרגנדיקע געשפּרעכן.

— מירן הײַנט באַראָנעווען, רעמיכיאָ?

— נייז, דאָן עפראַים, ס'האָט צו פיל גערעגנט; גלײַכער איז אַקערן.

— איז גוט. טרינקט אַ מאַטע. יאָ... הערט אוים, רעמיכיאָ!... שפּאַנט אײַן דעם „טשיקאָ" און דעם „פּעאָ" *).

דער פרימאָרגנדיקער ווינט ברענגט צו טראָגן אַ קאָל פון דעם שכיינעסדיקן הויז:

— איר פאָרט צו דער באַן, רעב פראַים?

— יאָ! דאָס יינגל פאָרט.

— זאָל ער פרעגן אין אַלמאַסען צי איז נישטאָ פאַר מיר אַ בריוו!

---

*) דעם קליינעם און דעם מיטעלן. — נעמען פון די אָקסן.

און לעבן דעם פּאַלענקע, וואָס שטייט אויסגעקרומט ווי אַ באָקסער, מעלקט ראָכל די רויק־שטייענדיקע קו. דאָס מיידל שטייט אַף די קניִען און דריקט מיט די פינגער דעם פולן אײַטער, וואָס שפּריצט מיט שטראָמען שוים. דער האַרבסטיקער באַגינען הילט אײַן אין זײַן רויטער בלייכקייט די סצענע און באָס מיידל זעען זיך אַרויס פונעם צעעפנטן כאַלאַט אירע רונדיקע און שטײַפע בריסטן, וואָס די זומערדיקע זון האָט זיי ווי די פּרוכטן פאַרברוינט.

די מילך שפּריצט אין עמער אַרײַן מיט אַ מילדער מוזיק, צום טאַקט פון דער קום סאָפּען און דעם מיידלס אָטעמען.

די האָר פאַלן איר טונקל־כוואַליעדיקע אַפן רוקן און פון אונטערן פויערישן ציצענעם קליידל, צייכנט זיך איר גוף מיט אַ געשמאַקער ציִיטיקייט, שפּאַרט מיט ענערגישן ריטם פון אירע היפּטן און פון איר ואַנצן קערפּער־געבוי, וואָס האָט די פאָרעם פון אַ דאָרפישן ליימענעם קרוג. די פרימאָרגן־שײַן באַלײַכט איר פיגור איבערן ברייטן רוקן פון דער קו. אין די אויגן באַ איר ציטערט אַ בלויקייט ווי אין די אַפּלען באַ דער הייליקער בסולע און די נאָז אַף איר ברוינעם פאַררױסענעם פּנעם דערגאַנצט איר פולן ייִדישן כיין.

ייִדישע פויערטע, דו דערמאָנסט מיר די מאַיעסטעטישע פרויען פון טאַנאַך. אין דער שאַלווע פון די פעלדער לעבסטו אויף די ביבלישע העלדנס, וואָס האָבן אַף די לאַנקעס פון יעהודאַ געפּיטערט די שטילע סטאַדעס און בעיים די יאָנטויווים געזונגען אין דער אָזאַרע פונעם בייסהאַמיקדעש די לויב־געזאַנגען צו גאָט. ראָכל, דו ביזט עסטער, ריווקע, דוווירע אָדער יעהודים. דו טוסט איצט זייער אַרבעט אונטער דעם פרײַנטלעכן הימל און דײַנע הענט בינדן די גאָלדענע סנאָפּעס ווען די זון צינדט מיט פלאָמען פלאַטערנדיקן גאָלד די כוואַליעס ווייץ, וואָס דײַנע ברידער האָבן פאַרזייט און געבענטשט האָבן אים די פּאַטריאַרכאַליש־אויפגעהויבענע הענט פון דײַן פּאַטער, וואָס איז שוין נישט מער וווּכערער און מאַרטיר, ווי אינעם צאַרישן רוסלאַנד.

מיט דײַן זײַן דאָ, מיט דער שטילער קו און שוויַיגנדיקער ציג, באַנײַסטו דאָס אַלטע לעבן ווי באַם יאַרדן. עס שמייכלען די ראַנטשאָס צו דער נײַ־אויפקומענדיקער מי און דאָרט, אינמיטן דער קאָלאָניע, זינגט דאָס טײַכל צום פרימאָרגן און דערלאַנגט אין קרײַטענע שעלעכלעך פרישע

וואַסער דעם אָקס און דעם פערד. און ווי אין יענע ווייַטע יערושאָלאַיִמער מעג, טראָגט דייַן טאַטע אַפן שטערן דאָס שוואַרץ־לעדערנע טפילן־קעס־טעלע און בעט צום גאָט פון יִסראָעל, צום האַר פון די ארמייען, צו דעם וואָס זייַנע איז די לופט, די זון און די ערד, און אינעם אַלטן יִדישן לאָשן, גריסט ער אים:

באָרוך אַטאָ אַדוינוי...

# דער רעגן

דער אוונט לעשט זיך אין שטילקייט פון פרומער רו. דער הימל האט זיך באפארבט מיט געלע זון־בליצן. די בעהיימעס ווייסן ווי שפעט עס איז און קומען אליין נענטער צו דער שטאל. די קאלאניע פארקלייבט זיך אף רו. הינטער די ראנטשאס שטייען די אקערס מיט אויפגעהויבענע ארעמס ווי די לירעס און נאנט באם טייכל הערט זיך דאס קלינגען פון דער שקאפעס גלעקל.

אלטע לייט מורמלען דעם מינכע און מייריוו. דער פאטער פרעגט:

— שוין צוריקגעקומען כואן?

— ניין, ער איז געפארן ברענגען דעם זאטל, וואס ער האט אנומלטן איבערגעלאזט באם קאצעוו.

— און ריווקע?

— זי צוואגט זיך.

— די ראסיזשא?

— צוגעבונדן.

די געפלעקטע קו שטייט בעעמעס צוגעבונדן לעבן דער שטאל און שאקלט מארעשכוירעדיק מיטן קאפ.

מיטאמאל פאלט אראפ א רוישיקער רעגן, אן אומגעריכטער, און די זון, א פרייליך־צעשאטענע אין דימענטן, לויכט זיך אין די טראפנס.

עמעצער האט א געשריי געטאן:

— דאס קעלבל!

און ריווקע לויפט טייקעף פון שטוב ארויס און באוויזט אנצוכאפן דאס קעלבל איידער עס כאפט זיך צו צו די אייטערס. ארויסגעלאפן איז

זי אַ קוים צוגעדעקטע מיט דעם האַנטעך און דער רעגן נעצט אירע בריסטן, די בריסטן פֿון אַ יונג פּויערן־מיידל, אַ געקרעפּטיקטע פֿון אַר־בעט, וואָס שפּאַנט מיט דעם ניצאַכן פֿון אַ דאָרפֿישער געטן, אונטער דער פּראַכט פֿון איר שוואַרצן קאָפּ האָר, אַ פֿאַרקעמטן מיט אַ שרונט אינמיטן.

# די סיעסטאַ

שאַבעס, דער טאָג פון הייליקער רו, דער טאָג וואָס געבענטשט האָבן אים די ראַבאַנישע ספאָרים און באַגריסט האָט אים יעהודאַ האַליעווי, דער פּאָעט. די קאָלאָניע שלאָפט אין וואַרעמען הינערפּלעט. די שטיבלעך, מיט זייערע ווײַסע ווענט און געלע שטרויענע דעכער, גלאַנצן אַקעגן דער זון, די מילדע זון פון דאָרפישן פרילינג. פונעם הימל, אַז אויסגעצוואָגענעם פון נעכטיקן רעגן, נידערט אַראָפּ אַ פרומע שאַלווע און פון דער ערד הייבט זיך אַרויף שטילער געמורמל. צעבליט זײַנען די גערטענשו און צעגרינט זײַנען די פעלדער אַז אַ ברעג. אינמיטן דעם פּאַשע־פּלאַץ ציט דאָס טײַכל אַ דאָרפישן ניגן. פּאַמעלעכדיק און ערנסט איז דאָס ליד, וואָס דאָס וואַסער זינגט, אַ צערונצלטס אין קליינע רעדער, און אויפן וועג, אַז אויסגעגלײַכטן מיט אַ דיקער דעקע שטויב, ליגט אַ טויטע שלאַנג, וואָס זעט אויס ווי אַ ליימענער האַטשיק.

אויפן פּאַשע־פּלאַץ רוען די בעהיימעס. די אָקסן מאַלעגיירען און שאָקלען פאַרטראַכט מיט די קעפּ און אויף זייערע הערנער ברעכט זיך די זון אין בלווילעכע פּײַלן. אויך פאַר די בעהיימעס איז שאַבעס אַ געבענטשטער טאָג. אין אַ ווינקל, קלינגט דאָס גלעקל פון דער שקאַפּע־מוטער און דאָס העל־געפלעקטע לאָשעקל בריקעוועט און קײַקלט זיך אינעם גראָז.

דעם שויכעטס שטוב שטייט שטיל. רעב אַווראָם שלאָפט און אויך די ייִנגלעך שלאָפן, ווײַל עס פעלט נאָך אַ פּאָר שאָ צו מינכע. דער יונגער פּעאָן, יאַנקל, אַ שכײנישער יאָסעם, פאַרפּלעכט דעם עק בײַ זײַן קליינעם פערדל, וואָס ער אַליין האָט עס דרעסירט. אַ ווינטל כוואַליעט זײַנע באָמבאַטשאָס און אין גאַרטל בײַ אים גלאַנצט דאָס הענטל פונעם מעסער און עס הענגען די קלייניקע באָלעאַדאָראָס. די באָבע זיצט אויף

דער שוועל און אַף די קניִען האַלט זי איר איינִיקל. זי איז אַלט די באַ־בע. אַ ווײַס טיכל דעקט צו אירע ווײַסע האָר. ברייטע קנייטשן אַף איר פאַרברוינטן פּאַנעם ווײַזן אַף אַלטע לײַדן, דאָס מיידעלע טאַראַלעקעט אַ לידל און די אַלטע זיפצט אָפּ:

— יאַנקל, לאָז אָפּ דאָס פערדל! הײַנט איז שאַבעס...

— איך אַרבעט דען, באַבע ראָכל?

— דו אַרבעטסט, זונעלע. שאַבעס דאַרף מען רוען. מײַן אַוראָם האָט דיך דען ניט געלערנט?

דאָס מיידעלע זינגט אין דער שטיל:

ווײַנט און קלאָגט, איר, ציִאָנס טעכטער,
ווײַנט און קלאָגט מיט אַ־אונדז באַנאַנד...

— באַבע, דו קענסט דאָס ליד? איך האָב עס דיך קיינמאָל נישט געהערט זינגען.

— איך קען עס, טעכטערל. לאָז מיך נאָר אַ קוק טאָן; דאָס קע־פּעלע איז בײַ דיר אומריין.

— מען האָט מיך נעכטן געצוואָגן.

— און געבליבן איז עס אומריין.

פאַמעלעך און געדולדיק נעמט זי זיך זוכן מיט די פינגער בײַם קינד אין די האָר.

— זעסט, — זאָגט זי — איינע איז שוין דאָ... — און פון צווישן די נעגל בײַ איר הערט זיך אַ קליין קנעקעלע. — צוויי, דרײַ, פיר. פאַראַן אַ סאַך!...

— באַבע, דערציייל מיר די מײַסע פון קעשענעוו.

און דערווײַל טאַראַלעקעט זי ווײַטער דאָס לידל.

— נאָך איינע! מען האָט דיך נישט גוט אויסגעצוואָגן, טײַערע.

און דאָס ליד מיטן פּאַסטעכל, באַבע?

— ס'איז זייער אַ שיין ליד, האַרץ מײַנס. האָסט עס זיך אויס־געלערנט?

— ריווקע האָט עס מיר געזונגען.

און בעיִים די אַלטע הערט נישט אויף פּײַניקן דעם קינדס בלאָנדע קעפּל, זינגט זי אין דער שטיל:

א פאַסטעכל איז אַמאָל געווען
איינעם לאַנד קענאַאַן...

— באָבע, דערציייל מיר די מײַסע פון קעשענעוו, געדענקסט?

— יאָ, טעכטערל. נאָר איינע, זעסט? אַז איך זאָג דיר מען האָט דיך נישט גוט אויסגעצוואָגן; דער קאָפּ איז בײַ דיר פול מיט גנידעס; איינע, צוויי דרײַ. זע סאַראַ גרויסע! זיי וועלן דיך נאָך אויפעסן, אַז איך וועל דיר ניט אויסרייניקן.

— סע שרײַבט זיך דען ניט אין די ספאָרים, אַז מען טאָר ניט האָרגענען קיין לעבעדיקע באַשעפענישן?

— יאָ, טעכטערל.

— פאַרוואָס זשע?...

— אַמײַ קי, זײַנען אויך לעבעדיקע באַשעפענישן און דײַן טאַטע קוילעט זיי.

רעב זכאַריע גייט פאַרבײַ דער שטוב און שטעלט זיך אָפּ.

— גוט שאַבעס, ראָכל.

— גוט שאַבעס, גוט יאָר, רעב זכאַריע. מיט מײַן אייניקל זיץ איך, מען האָט איר נישט גוט אויסגעצוואָגן דאָס קעפּל.

— אָף קינדער דאַרף מען אַכטונג געבן, ראָכל. וואָס קענען זיי טאָן, ווען מיר זאָלן כאָלילע ניט זײַן?

— זאָל גאָט אויסהיטן, רעב זכאַריע. קינדער באַקומען ליב טאַטע־מאַמע ווען זיי האָבן זיי שוין ניט.

— אַזוי איז עס. אונדזערע כאַכאָמים האָבן שוין געזאָגט: קינדער בענקען נאָך זייערע עלטערן, ווען זיי זײַנען שוין נישטאָ, אַזוי ווי די בלום בענקט נאָך דער צווײַג... הער נאָר, יאָנקל, דו פאַרגעסט, אַז הײַנט איז שאַבעס אָף דער וועלט.

— איך אַקער ניט, רעב זכאַריע! איך רייניק מײַן פערד; איך האָב אים אָנגעפּויעט און האַלט אים גרייט אָף צו פאַרנעמען די בעהיי־מעס ווען עס וועט נאַכט ווערן.

— רייניקן טאָר מען אויך ניט.

— די אַלטע ראָכל רייניקט מיריעמען דאָס קעפּל.

— לאָזט אים לויפן, דעם גאַוטש; ער ווייסט נאָר אָפּצוענטפערן. קוקט אים נאָר אָן, אַ גאַוטש מיט די ביינער! באָמבאָטשאָס, אַ גאָרטל,

אַ מעסער און אַפילע די בליַערס צו האַרגענען די קוראַפּאַטוועס; אין שול, זעט איר, שטומט ער, קען אַ מויל ניט עפענען. מיַין זון, דער שוי־כעט, האָט אים געלערנט, און דאַווענען קען ער ניט!

— אַזוי זיַינען זיי. איר האָט שוין געהערט דאָס ניַיס?

— דערציילט.

— דאָס מיידל דאָרט פון יענעם הויז...

און ער וויַיזט אַן מיט דער האַנט און מיט ביטל אַף שמועל רוד־מאַנס שטיבל.

— אַווראָם האָט מיר שוין דערציילט. אַזאַ כאַרפּע! זאָל עס זיַין עמעס?

— צום אומגליק, עמעס. רעב שמועל איז היַינט נישט געקומען צום דאַווענען; ער האָט היַינט געדאַרפט אוילע־לעטוירע זיַין. דערנאָך האָט אונדז מיַין ברודער דערציילט. מיט דעם פּעאַן אַנטלאָפן. אַ גאַוטש.

יאַנקל האָט זיך אַריַינגעמישט אינעם געשפּרעך:

— רעמיכיאַ איז אַ ווילער באָכער, ער האָט מיך געלערנט דעם לאָסאַ פאַרוואַרפן, אַ פערד צוימען.

— זעט איר שוין! — האָט זיך אַנגערופן די אַלטע; — באַ דעם מעשומעד איז אַלציינס... ווי זי וואָלט אַוועק מיט אַ ייִדן...

פון וויַיטן הערט זיך דאָס קאָל פונעם אַקסנטריַיבער; דער אַוונט בלייכט זיך.

אַף דער טיר באַוויַיזט זיך די כאַשעווע געשטאַלט פונעם שויכעט, וואָס וואַרפט אַף זיך אַרויף דעם טאַלעסקאַטן, און די ציצעס זיַינע באַ־רירן דער אַלטער ראַכלס קאָפּ.

— גוט שאַבעס, רעב אַווראָם.

— גוט שאַבעס, גוט יאָר, רעב זכאַריע. וואָס זאָגט איר צו דעם ניַיס?

— מען האָט זיך געקענט ריכטן דערויף. זי פלעגט שטעלן דעם כאַמאַוואַר אום שאַבעס און אויפעם געגעסן פונעם פּעאַנס שכיטע. אַ שאַדן איז עס! ווי רעכנט איר, שוין פּאַראַן אוילעם אין שול?

אונטערן פּאַדאַשעק, ווו מען האַלט די מאַכשירים צו דער אַרבעט, זעצט זיך אוועק ריווקע, די האָר צעשויבערט פונעם נאָכמיטיק־שלאָף און גריסט מיט אַ הייזעריקן קאָל. יאַנקל, שווין מיד פונעם פערד, שאַרפט דאָס בעסער אָן דער דראָטענער פּאַרצוימונג פונעם קאָראַל, און ווען ער דערהערט ריווקעס קאָל, נעמט ער זינגען ווי רעמיכיאַ:

פעוסאַמיענטאַ מיאַ...

ווידאַליטאַ...

# אימיגראַנטן זײַנען אָנגעקומען

יענעם פרימאָרגן האָט זיך באַם וואָקזאַל אין דאָמינגעז צוזאַמענ־געקליבן אַן אוילעם פון אַ צוויי הונדערט מענטשן. עס האָבן באַדאַרפט אָנקומען מיט דעם צען־אַזייגערדיקן צוג נײַע אימיגראַנטן צום באַזעצן זיך אויף אַן אָרט נישט ווײַט פון סאַן־גרעגאָריאָ, לעבן דעם וואַלד, וווּ עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן, לויט די לעגענדעס, וואָס זײַנען אין די מעקוימעס אומגעגאַנגען, טיגערס און פּי־גאַנאַווים.

דער פרילינג האָט זיך געפעדערט; ראַמאַשקעס האָבן פאַרדעקט דאָס פריידיקע גרינס אויף די לאַנקעס.

דער אַלמאַסען איז געווען פול מיט מענטשן. דער אוילעם האָט געראַשט, געוואָרט אויף די אָנקומענדיקע פון רוסלאַנד, וואָס געווען איז צווישן זיי אַן אַדעסער ראָוו — אַ זאַקן און אַ טאַלמיד פון דער ווילנער יעשיווע — און ווערדליק מען האָט גערדרונגען פון די יעדיעס, וואָס מיר האָבן געהאַט, איז ער געווען אין פּאַריז, ווו דער באַראָן הירש, דער „פאַטער פון דער קאָלאָניע", האָט אים זייער העפלעך אויפגענומען.

באַם וואָקזאַל האָט דער שעף געשמועסט מיט דעם סאַרכענטאָ, וואָס איז געקומען פון וויזשאַגווײַ בײַצווזײַן באַ זייער אָנקומען און עט־לעכע פּעאָנעס האָבן געשפּילט אין טאַבאַ צווישן אַ רעדל נײַגעריקע.

אונדזער שויכעט האָט פאַרפירט אַ וויקועד מיט דעם שויכעט פון ראָש־פּינאַ און האָט אים געוואָלט צעטומלען מיט זײַן גרויסער קענטע־ניש פאַר מענטשן אין די אויגן. גערעדט האָט מען וועגן דעם דאָזיקן ראָוו און דער שויכעט פון ראָש־פּינאַ האָט דערציילט ווער ער איז. ער קען אים, האָט ער געזאָגט, נאָך פון ווילנע, וווּ זיי האָבן געלערנט אין איין יעשיווע; אַז ער איז אַ טײַערער מענטש און קען געמאָרע קימאַט אויף אויסנווייניק; אַז מען האָט אים געהאַט געשיקט מיט אַ שליכעס קיין

ערעץ־ישׂראל קויפן ערד איידער דער באַראָן הירש איז אַרויסגעקומען מיט זײַן פּלאַן.

דערציילט האָט ער, אַז דער ראָוו האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט ראַבאַנעס און אַז ווי נאָר ער האָט באַקומען די סמיכע, האָט ער זיך גענומען צום מיסכער אין אָדעס און האָט געשריבן אין „האַצפי־ראַ", אַ העברעיִשע צײַטונג — האָט ער צוגעגעבן, און האָט אַרײַנגע־קוקט די אַרומשטייענדיקע קאָלאָניסטן אין די פּענעמער.

דערנאָך האָט מען גערעדט וועגן אַ היימישער האַרבער שײַלע און דער ראַכילער שויכעט האָט געבראַכט אַ מיינונג פונעם ראַמבאַם וועגן דער שכיטע פון בעהיימעס.

דאָס שטיין און וואַרטן, האָט בײַ יעדן איינעם פונעם עולם אויפ־געוועקט פאַרשוווּמענע זיכרוינעס, יעדער איינער האָט פאַר זיך געזען דעם פרימאָרגן ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם צאַרס פינצטערע רוסלאַנד און האָט אין זיקאָרן אויפגעלעבט זײַן אָנקומען אינעם צוגעזאָגטן לאַנד, אינעם יערושאָלאַיִם, וואָס מען האָט ווי אַ בסורע אָנגעזאָגט אין די מאַגידישע דראָשעס און אין די געדרוקטע בלעטלעך מיט רוסישע פערזן:

קיין פּאַלעסטינע און אַרגענטינע
וועלן מיר פאָרן אַקערן און זייען,
מיר וועלן פאָרן פרײַנט און ברידער,
דאָרטן לעבן און זײַן פרײַ...

— דאָן אַבראַהאַם — האָט דער סאַרכענטאַ אַ רוף געטאָן — דער צוג קומט שוין.

אַן אַנגסטלעכער געמורמל האָט זיך אויפגעהויבן צווישן עולעם. פון הינטער דעם געהויקערטן שטיק פעלד האָט אַ שנירל רויך זיך גע־כוואַליעט אין דער דורכזיכטיקער לופט.

פון די וואַגאָנעס זײַנען אַראָפּגעגאַנגען די אימיגראַנטן, צעפּרעסענע פון נויט און די אויגן צעלויכטענע מיט האָפענונג. דער לעצטער איז אַרויסגעקומען דער ראָוו. געווען איז ער אַ זאַקן מיט אַ יונג פּאָנעם, אַ ברייטבייניקער און אַ הויכער, מיט אַ געדיכטער ווײַסער באָרד. די קאָלאָניסטן האָבן אים אַרומגעשטעלט און גענומען פאַרוואַרפן מיט באַ־גריסונגען און ווינטשעוואַניעס.

שוין איז לעבן אים געשטאַנען דער ראַכילער שויכעט, רעב אַווראָם.

די פאַרמאַטערטע פּאַסאַזשירן האָבן געשפּאַנט אין אַ שורע, איינער נאָכן צווייטן, מיט זייערע קלומקעס און קינדער, פאַרגאַפּטע אינעם טיפן פּרי־מאַרגן־בלוי.

ווי מען איז צוגעקומען צום אַלמאַסען, איז רעב אַווראַם אַרויף אַף אַ קלאָץ פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים און האָט זיי אָפּן הויכן קאָל באַגריסט מיט פּסוקים פון טאַנאַך. דער ראָוו האָט געענטפערט. ער האָט אָנגע־הויבן מיט אַ פּאָסעק פון יעשײַע און האָט איבערגעגעבן פּײַנלעכע יע־דיִעס פון רוסלאַנד.

— דאָ — האָט ער געזאָגט — וועלן מיר באַאַרבעטן אונדזער ערד. דאָ וועלן מיר פיטערן אונדזערע רינדער און דאָ וועלן מיר עסן אונדזער ברויט.

אַ באַגײַסטערטער, אַן איבערצײַגנדיקער און אַ נעוויאישער, די באָרד אָפן ווינט צעפלאַטערט ווי אַ פּאָן, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם קלאָץ, האָט אַרומגעכאַפּט דעם סאַרכענטאָ און אים קוש געטאָן אין מויל.

און דער געדיכטער קאַראַוואַן האָט זיך גערירט פונעם אָרט און זיך געלאָזט שפּאַנען ווײַטער אינעם גלאַנץ פונעם ברייענדיקן טאָג.

# דאָס דרעשן

געוועזן איז נאָך פרי פאַרמיטיק ווען די פּאַנעס האָבן אָפּגעטיילט אונדזערע לעצטע זעק ווייץ. די מאַשין איז שטיין געבליבן און אינעם שאָטן פון דעם נאָנט שטייענדיקן סטויג סנאָפּעס האָט זיך דער אוילעם אויסגעזעצט טרינקען קאַווע. די היץ האָט געשטיקט און געפלאַמט איבער דעם אָפּגעשניטענעם פעלד, וואָס האָט אויסגעזען אַ גאָלדענע אומענדלעכע באַרשט.

ווייַט, אויף דער לאַנקע, אין די קאַנאַוועס, אַרום די קליינע לאַגונעס, האָבן זיך געפּאַשעט די אָקסן, פּאַמעלעכדיקע און טרויעריקע, צווישן דעם געפלוידער פון די טעראַ־פייגל.

דער אַלקאַלדע פון דער קאָלאָניע, אַן אַלטער ייִד מיט אַ שאַרפער צונג, אַ פּיקייער, וואָס מען האָט אים אויסגעקליבן אויף אַן אַסיפע אין שול, האָט גערעדט וועגן דעם גוטן אויסגאַב פונעם שניט און געלויבט אונדזער ווייץ ווי שיין ער איז.

אין דער עמעסן, איז ער געוועזן אַן אַמאָרעץ און די פּסוקים, וואָס ער פלעגט אָפט אַרייַנוואַרפן באַם אַרויסגעבן אַ מעסער צום אַקער אָדער באַם קויפן אַ ראָל דראָט, האָט ער געקענט בלויז פון הערן.

און אין יענעם הייסן פרימאָרגן, די קאָלאָניסטן אַרום אים, אינעם שאָטן פון דעם סטויג ווייץ, האָט ער געהאַלטן אַ רעדע וועגן די מייַלעם פון פויערשן לעבן.

— איך ווייס, זייער וווּיל ווייס איך, אַז מיר זייַנען ניט אין ירושלאַים; איך ווייס, אַז דאָס איז נישט די ערד פון אונדזערע אָוועס אַווויסיינו. נאָר מיר פאַרזייען און מיר האָבן ווייץ, און פאַרנאַכט, ווען מיר גייען צוריק פון דער אַרבעט, הינטערן אַקער, קענען מיר זאָגן אַ דאַנק דעם אייבערשטן, וואָס האָט אונדז אַרויסגעפירט פון דאָרט ווו מען

האט אונדז פײַנט געהאט און ווו מיר האבן געלעבט אז ארעם און גע־מאטערט לעבן.

דער שויכעט האט אים אפגעענטפערט: — בעסאראבער ווייץ איז ווײַסער פון אונדזערן און — האט ער געצויגן די ווערטער פאמעלעך און אומצופרידן: — אין רוסלאנד לעבט מען ארעם, נאר פאר גאט האט מען מוירע און מען לעבט ווי גאט האט געבאטן. דא ווערט פונעם יונגווארג גאוטשן.

דער שארפער פײַף פון דער מאשין האט אויפגעהויבן דעם אוי־לעם. געהאלטן האט עס בא די סטויגן פון מוישע הינטלער, וועלכער איז שטיל געשטאנען לעבן דעם קאסטן, ווו דער מאשיניסט ארבעט. גע־ווען איז ער א נידעריק מאגער מענטשל מיט קליינע קײַלעכדיקע אויגן און פון זייער קורצזיכטיקן בליק האט ארויסגעקוקט א טיפע פרייד. לעבן אים איז געשטאנען און האט באטראכט די ארבעט זײַן ייִדענע, א פארעלטערטע פאר דער צײַט פון די צארעס וואס זי האט זיך אנגע־ליטן אין דער היים, און זײַן טאכטער דווירע, א קרעפטיקע פלינקע מויד, האט געמאכט דאס עסן.

די ארבעט האט זיך אנגעהויבן. מיר זײַנען ארויף אף מוישעס סטויג סנאפעס, דערלאנגען צו דער מאשין, און די פעאנעם האבן אנגע־אוילט די ריזיקע מאכינע.

— מוישע, — האט זיך אנגערופן דער אלקאלדע, — אין ווילנע האסטו אויך געהאט סטויגן ווייץ? דארטן האסטו פארריכט אלטע זיי־גערס און פארדינט האסטו צוויי רובל א כוידעש. דא, מוישע, האסטו ערד, ווייץ און בעהיימעס!

ער האט אויפגעהויבן א גלעזל קאניא און געטרונקען לעכײַעם:

— מוישע, ווי פלעגן מיר דארט זאגן אין רוסלאנד, איך ווינטש דיר די ערד זאל דיר שטענדיק געבן און א סאך געבן, אזוי פיל אז דו זאלסט נישט באוויזן אליץ אויפצוקלײַבן.

מוישע איז געשטאנען לעבן דער מאשין און געשוויגן. אין קאפ האבן זיך אים געפלאנטערט פארשוווּמענע זיכרוינעס פון זײַן שווער לעבן אין ווילנע, פון זײַן געמאטערט און ביטער לעבן אלס ייִד.

די גרויסע ראד האט זיך א דריי געטאן און די קערנער האבן זיך גענומען שיטן ווי א גאלדענער רעגן אונטער דער בראכע פונעם הימל,

אַ פאַרגאַסענער מיט זון. ער האָט פאַמעלעך אַרײַנגערוקט די האַנט אין דעם ליכטיקן שטראָם וווייץ און לאַנג האָט ער זי אַזוי געהאַלטן. לעבן אים האָט זשעדנע געקוקט זײַן ווײַב און אַזוי אויך דוואָירע.

— איר זעט, קינדער? דאָס איז אונדזער ווייץ...

און איבער זײַנע באַקן, צעאַקערטע פון לאַנגן לײַדן, זײַנען אַראָפּ־גערונען צוויי טרערן און, אינייִנעם מיט דעם שטראָם פעטע קערנער, זײַנען זיי אַרײַנגעפאַלן אינעם ערשטן זאַק ווייץ פון זײַן שניט...

# פאַרפאַלן דער גאָרטן

געווען איז דער טאָג אַ הייסער און אַ לויטערער. פון ביידע זײַטן ייִשעוו האָט דער פּאַרזיי געגרינט אַף די פעלדער אַז אַ ברעג, לײַכט גע־קוואַליעטע פון אַ מילדן ווינטל. אַף דעם ברייטן פּלאַץ וואָס האָט אָפּגע־טיילט ביידע שורעס הײַזער, האָבן ייִנגלעך פאַרנומען די קי, קעדיי זיי אַרויסצוטרײַבן אַף דער פּאַשע.

מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אָפּרו־צײַט איידער מען שטעלט זיך אַקערן צום נײַעם פּאַרזיי. יענעם טאָג זײַנען מיר געגאַנגען אין שול, מאַכמעס אונדזער שכיינעס זיין האָבן געהאַט יאָרצײַט נאָך זייער טאַטן און האָבן באַדאַרפט זאָגן קאַדיש.

דאָרט האָט מען אַרומגעשמועסט מיט אַלע פּראָטים אַ מאַכלויקעס, וואָס האָט נעכטן אויסגעבראָכן צווישן שכיינים און דער אַלקאַלדע האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין שאַלעם. דער שויכעט האָט דערציילט שלוימע האַ־מיילעכס אַ קלוגן אײַנפאַל און ווי אַ געניטער אין אַלערליי דינים און מישפּאָטים, האָט ער געזאָגט זײַנע אַ מיינונג ווי צו פּאַסקענען. נאָכדעם ווי מען האָט זיך איינער דעם צווייטן גוט אויסגעזידלט, אויסגערעכנט זיך דעם ייִכעס און די מישפּאָכע־סקאַנדאַלן, וואָס האָבן זיך באַ זיי פּאַרלאָפן, האָט מען שאַלעם געמאַכט און די סאָנים האָבן זיך איבער־געבעטן.

מיר האָבן אָפּגעשמועסט צופאָרן נאָכמיטיק צום וואָקזאַל, און די איבערגעבעטענע צדאָדים האָבן אונדז געמאַכט באַשטעלונגען.

— ווּעסט מיר ברענגען די בריוו.

— מיר ווּעסטו ברענגען די רײַז, וואָס איך האָב זונטיק געקויפט אין קלייט.

צוריקגעקומען זײַנען מיר אַלע איניינעם. דער הימל, טיף בלוי, האָט

אויסגעזען נידעריקער ווי אַלעמאָל און הינטער די שטיבלעך, טייל ווײַסע און זויבערע, טייל מיט שטרויענע ווענט, האָבן די גאָרטנס געבליט אַף דער זון. ווייניקביימער זײַנען געווען אין אונדזער קאָלאָניע, נאָר פאַר אונדזער שטוב האָט אַ פּאַראַדיזן־ביימל זײַן שאָטן געשפּרייט ווי אַ פלעק איבערן וועג.

אַהיימגעקומענ, האָבן מיר דערזען ווײַט, זייער ווײַט אַפן אָנגע־גליטן האָריזאָנט, אַ גרויסן וואָלקן.

— ס'וועט דאַכט זיך רעגענען.

— דאַכט זיך — האָט זיך אָנגערופן דער יונגער פּעאָן.

אַרום מיטיק־צײַט איז זיך די כמאַרע צעוואַקסן, זיך אויסגעצויגן, זיך אויסגעברייטערט.

— פרעגט דאָן גאַבינאָן — האָט געראָטן דער אַלקאַלדע.

נאָר דאָן גאַבינאַ, דער אַקסנטרײַבער פון דער קאָלאָניע, איז דע־מאָלט געווען מיט די אָקסן אַף אַ ווײַטן פעלד. דער אַלטער קרעאָל, וואָס איז געווען, ווי מען האָט דערציילט, קריספּין וועלאַסקעזעס אַ זעלנער, איז געווען דער אַרטיקער אַסטראָנאָם, און זײַנע וועטער־נעוויזעס זײַנען שטענדיק מעקוים געוואָרן.

די מיטיק־שאָ האָט טייקעף צעטריבן דעם אוילעם. מען איז אַהיימ־געגאַנגען אומרויִקע. און די כמאַרע איז אַלץ געוואַקסן אַף דעם רויִקן בלוי פונעם האָריזאָנט. זי האָט זיך ווי צעצויגן און אַרונטערגעלאָזט.

ווי געוויינט דער אוילעם איז געווען צו שלעכטע וועטערן, האָט אים די כמאַרע, אַז ווינט און אַז דונערן, געשראָקן. אָנגעשפּאַרט אַף די אַלאַמבראַדאָס האָבן די קאָלאָניסטן געקוקט אַף דער מאָדנער דערשיי־נונג און האָבן זיך נישט געקענט קלאָר מאַכן. קיינער האָט שוין נישט געקלערט פון גיין צום וואָקזאָל און קיינער האָט שוין נישט גערעדט וועגן דעם מאַכלויקעס צווישן די שכיינים, וואָס דער שויכעט האָט זיי אינדערפרי פאַרגלײַכט אין שול נאָכן לעצטן קאַדיש פון די יעסוימים.

אַלע האָבן מיר געקוקט אַף דער גרויסער כמאַרע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אַפן הימל. גערוקט האָט זי זיך פּאַמעלעך און אין אַ שאָ אַרום איז אַף אונדז אַרויפגעפאַלן דער שווערער אָנפאַל פונעם היישעריק.

— די מאַקע! — האָט דער שויכעט אַ געשריי געטאָן.

— די גאָרטנס! די גאָרטנס! — האָבן זיך אַלע דערמאָנט. און אָנגעהויבן האָט זיך די פאַרטיידיקונג. די זון איז פון דעם שרעקלעכן אָנפאַל פאַרטונקלט געוואָרן און דער בוים, די סלופּעס פון די קאַראַלן און פון דעם פּאַשע־פּלאַץ זײַנען באַדעקט געוואָרן מיט הײַשעריק, וואָס דער רייעך זײַנער האָט פול געמאַכט דעם סטעפּ און פון די גאָרטנס זײַנען געוואָרן ברוינע קריכנדיקע פלעקן.

די מענער, די פרויען און דאָס יונגוואַרג זײַנען אַרויס אין מיל־כאָמע — געקלאַפּט אין בלעכן און געפּאַכעט מיט זעק — קעגן דער שרעקלעכער פּלאָג. מען האָט געוואָלט פאַרטרײַבן דעם סוינע מיט דעם געפּילדער. נאָר אומזיסט איז געווען די מי. דער הײַשעריק האָט אָפּגע־שניטן די גרינסן, די בלומען, די שיטער־באַגראָזטע בייטן. די ווײַבער האָבן געוויינט און בייז געפּאָכעט מיט די שמאַטעס.

— ראָכל, דײַן ביימל! — האָט אַ יינגל געשריגן.

ראָכל האָט אַוועקגעוואָרפן דעם זאַק אינעם גאָרטן וווּ זי איז גע־שטאַנען, און האָט זיך געלאָזט לויפן צום יינגל, וואָס האָט איר וועגן דער געפאַר צו וויסן געגעבן. דער הײַשעריק איז באַפאַלן איר באַליבט ביימל, איר שיינעם רויזן־קוסט.

— אַ זאַק, גיכער אַ זאַק!

קיינער האָט זי נישט געהערט. אין אײַלעניש האָט זי נישט באַ־וויזן אַרויסצוּברענגען פון דער שטוב, וואָס איז געווען אַ פּאָר שפּאַן פון דאָרט, עפּעס אַ טוך אַף צו שיצן דאָס באַפּאַלענע ביימל. שנעל האָט זי אַראָפּגעריסן פון זיך דעם כאַלאַט און גענומען טרײַבן דעם הײַשעריק. דאָס העמד איז איר געווען צוגעקלעפּט צו דער פאַרברוינטער פּלייצע און די ברוסטן האָבן איר געציטערט און געררונען האָט פון זיי דער שוויים. זי האָט צום סאָף אײַנגעדעקט דאָס רויזן־ביימל און מיט איר בלאָנדן צאָפּ, דעם דיקן און ווייכן, האָט זי זיך אָפּגעווישט דאָס פּאָנעם.

— ראָכל! — האָט מוישע געשריגן. — ראָכל, קום אַהער, העלף מיר אַרויס!

זי האָט זיך שווער אויסגעגלײַכט און איז צוריק אַוועק אין גאָרטן. שפּעט־לאַנג האָט געדויערט די פאַנטאַסטישע שלאַכט מיט געשריי און

געפּיַיקל. די גאָרטנס זיַינען שטיין געבליבן נאַקעטע, און דער היישעריק האָט זיך גענומען צו די ווייץ־פעלדער.

די זון איז שוין געהאַט אַרונטער און די לופט איז געוואָרן אַ ביסל גרינגער. צוריקגעגאַנגען זיַינען מיר טרויעריקע. דער שויכעט האָט גע־האַט אַ פול מויל מיט קללעס ווען ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען מינכע. און ווען דאָן גאַבינאַ איז צוריקגעקומען מיט די אָקסן, האָט מען אין קאָלאָניע בלויז געהערט דאָס כליפּען פון די וויַיבער און דאָס בילן פון די הינט.

# שיר השירים

וואָרעם דײַן ליבע איז מיר בעסער
פון ווײַן...

ניט ווײַט פון דער וואַסער־ראַד האָט דער באָכער געטראָפן עסטערן אָראָפּגענעמען קאַווענעס פונעם גאָרטן, וואָס זײַערע בלעטער און בלומען זײַנען געווען אײַנגעפלאָכטן אינעם וואַלד קרומע מאַיִס־שטאַנגען. די ברענענדיקע זון האָט צעגליט דאָס פײַער פון די זון־בלומען און פון דער ערד האָט זיך געהויבן אַ רייעך פון פײַכטקייט. עסטער האָט זיך אויפגעשטעלט ווען זי האָט דערזען כאַיִמען. מיט דעם פוס האָט זי אַוועקגעשאָרט די אָפּגעריסענע קאַווענעס און, פּאַמעלעך, האָט זי אויסגעגלײַכט אויף זיך דאָס קליידל, וואָס איז פאַרשטעקט געווען אינעם גאַרטל, קעדיי ניט צו שטערן איר בײַ דער אַרבעט. דערפילט האָט זי ווי אירע באַקן רויטלען זיך און, מיט אַ קאָל, וואָס האָט זיך איר גופע געדאַכט ווי ניט אירס, האָט זי קוים געקענט אַרויסריידן:

— שוין פון דער אַרבעט?

כאַיִם האָט נישט געענטפערט. געזעסן איז ער אַ געשטרעקטער אויפן פערד און האָט געהערט און ניט פאַרשטאַנען וואָס זי פרעגט אים. באַטראַכט האָט ער זשעדנע דאָס שטײַפע פּאָנעם פונעם צעשויבערטן און פאַרסאַפּעטן מיידל. פונעם אָטעמען, האָט איר ברוסט באַוויזן די בלעטער פונעם מאַיִס, וואָס האָט איר געגרייכט ביזן האַלדז. די רעגונג האָט ברייט צעעפנט אירע שוואַרצאַפּלען, שוואַרצע ווי צעאַקערטע ערד נאָך אַ רעגן.

זי האָט גוט געוווּסט צוליב וואָס ער האָט זיך דאָ פּלוצים באַוויזן. שוין לאַנג ווי כאַיִם גייט איר נאָך פוסטריט. פאַר איר זינגט ער לידער

צווישן איין טאַנץ־אָוונט און צווייטן אין קאָלאָניע, פֿאַר איר די קונצן, וואָס ער באַווײַזט באַם פֿאַרטרײַבן די פֿערד. און ער איז איר גאָרניט אַזוי דערווידער, דער בראַווער יונג, וואָס איז שטאַרק ווי אַ בוים און פֿלינק ווי אַ וועווריק.

שוין אַ ביסל אַ באַרויִקטע, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף זײַן פֿאַר־ברוינטן פּאָנעם.

זי האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז זי כאַזערט איבער די זעלבע פֿראַגע:

— פֿון דער אַרבעט, טשע?

כאַיִם האָט זיך אָנגערופֿן:

— גיב אַ קוק אַהער, עסטער!

דער פֿויער־יונג האָט אומזיכער אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט און האָט איר דערלאַנגט עפּעס אַזוינס, וואָס זי האָט אויפֿן ערשטן אויגנבליק נישט דערזען וואָס דאָס איז.

— וואָס איז עס?

— ס'איז פֿאַר דיר.

געווען זײַנען עס קוראַפּאַטווע־אייער, וואָס ער האָט געפֿונען לעבן דעם נישט ווײַטן בערגל. עסטער האָט זיי בײַ אים גענומען און דער באַכער איז אַראָפּ פֿונעם פֿערד קעדיי זיי בעסער אָוועקצולייגן.

— אַזוי ניט, זיי וועלן זיך צעברעכן.

באַם אײַנוויקלען זיי, בײדע אַראָפּגעזעצטע אויף דער ערד, האָט עס־טער אים באַרירט דאָס פּאָנעם מיט אירע האָר. זי האָט דערפֿילט דעם שווידער, וואָס די באַרירונג האָט אים פֿאַרשאַפֿט.

— עסטער...

בײדע זײַנען זיי שטיל געבליבן, מיט אַ פֿײַנלעך לאַנגדויערנדיק שווײַגן. ווען זי איז אַ ביסל צו זיך געקומען, האָט זי געפּרוּווט פֿאַר־גלעטן איר צעטומלטקייט. נאָר קיין שום זאַך איז איר נישט אײַנגעפֿאַלן.

— דער מאַיִס איז הויך געוואַקסן.

— יאָ, גאַנץ הויך.

— באַ איציקן, פֿאַרקערט...

— עסטער — האָט דער באַכער ווידער אַ זאָג געטאָן, — איך דאַרף מיט דיר עפּעס ריידן.

עסטער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און אין די ציטערנ־דיקע הענט צעריבן אַ מאַזס־בלאַט.

— מען האָט מיר געזאָגט — האָט ער ווײַטער געצויגן — אַז דו גייסט כאַסענע האָבן מיט אַ באַכער פון סאַן־מיגעל. דו ווייסט ווער דאָס האָט מיר געזאָגט? מיריאַם האָט מיר געזאָגט; ניין, נישט מיריאַם, גע־זאָגט האָט עס מיר דעם אַלקאַלדעס שוועגערן...

— זיכער זי! — האָט עסטער געענטפערט. — זי וויל איך זאָל כאַסענע האָבן מיט איר קוזין, דעם איינהאַנטיקן...

— מען האָט מיר אַפילע געזאָגט, אַז דעם כאַסנס פאָטער וויל געבן נאָדן צוויי פּאָר אָקסן און אַ קו.

עסטער האָט געפּרוּווט לייקענען. כאַיִם איז צוגעשטאַנען:

— וואָס זאָגסטו דערויף?

— איך ווייס נאָך ניט.

— עסטער, איך בין געקומען דיר זאָגן, אַז איך וויל מיט דיר כאַסענע האָבן.

דאָס מיידל האָט צוערשט גאָרניט געענטפערט און ערשט ווען ער האָט איר עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט דאָס זעלביקע, האָט זיך איר אײַנגעגעבן ענטפערן:

— רייד מיט דעם טאַטן, איך ווייס ניט...

אַ ווינטל האָט אַ פײַף געטאָן צווישן דעם מאַיִס. עטלעכע בלעט־לעך פון די זון־בלומען זײַנען געפאַלן אױף דעם מיידלס שוואַרצן קאָפּ האָר און איינס פון זיי האָט זיך אַראָפּגעגליטשט איבערן האַלדז און גע־וויזן דאָס געלע שפּיצעלע.

— איך גיי אַהיים.

— איכל דיך צופירן...

ווען זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט, האָט כאַיִם, אומגעטראַכט, זי צוגעצויגן צו זיך, פּאַשעט זי אַרומגענומען אַזוי אַז זי האָט זיך נישט געקענט רירן און האָט איר געגעבן אַ שטאַרקן קוש, וואָס האָט אָפּגע־הילכט צווישן דעם מאַיִס און דערשטיקט איר איבערראַשונג.

מער האָבן זיי זיך איינער דעם צווייטן גאָרניט געזאָגט. כאַיִם האָט זיך אויפגעזעצט אױף זײַן פערד און מיט פאַמעלעכדיקן שפּאַן האָבן זיי

זיך געלאָזט אַפּן וועג צו דער קאָלאָניע. איידער זיי זײַנען אַהיימגעקומען, האָט עסטער זיך אָנגערופן:

— איך וועט מען מיך מעקאָנע זײַן!

— און מיך אויך! הער, איך וועל פֿאַר דיר אויסדרעסירן דאָס ווײַסע שקאַפּקעלע וואָס איך האָב...

ווען זיי זײַנען שוין געווען אין שטוב, האָט כאַים אַרויסגערופן איך פֿאָטער אינדרויסן אַרוים און האָט זײַן פֿאָרשלאָג אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

— איר פֿאַרשטייט, רעב לייזער, אַזוי ווי מײַן קאַמף איז לעבן אײַערן...

# טישע־בעאָוו צו קינעם

וויינט און קלאָגט, איר, ציאָנס טעכ־
טער.

אין הויז צו רעב מוישען, אַז אַנגעזעענער קאָלאָניסט אין ראַכיל, זיינען זיך די ווייבער צונויפגעקומען זאָגן קינעם. געווען איז עס טישע־בעאָוו, ווען מען דערמאָנט דעם כורבן יערושאָלאָיִם. די קאָלאָניע האָט געהאַט אַ פאַרטרויערטן אויסזען און אויף די פּנעמער בײַ די זקיינים האָט דאָס דערמאָנען דעם כורבן טיפער געמאַכט זייערע קנייטשן.

אויף צוויי הילצערנע בענק זיינען געווען אויסגעזעצט די אַלטע לייט און האָבן געשוויגן. די לעוואָנע האָט אין יענער צעשײַנטער ענטרע־ריִאָסער נאַכט באַלויכטן די צעוויייטיקטע פּנעמער, די ווייסע בערד און די לאַנגע סענקעוואַטע הענט. זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ מיסטישער פריז מיט די אַפּאָסטאָלן. ווער האָט דען ניט געזען די פאַרברויִנטע און אָנגע־טיקע פּנעמער אויף די פאַרצייטיקע שטאַמפּן, אויף די בילדער אין די קלויסטערס?

מוישע, דײַן געהויקערטע געשטאַלט, דײַנע צעוואוגדיקטע פיס, דײַנע טיפע טרויעריקע אויגן, דערמאָנען די הייליקע פישער, וואָס זיינען נאָכ־געגאַנגען יעשון, יעשון דײַן סוינע, יעשון דעם טאַלמיד פון ראַבי הילעל דײַן לערער. און יעשוס פרײַנט האָבן געוווּסט פון דײַן ביטער לעבן און האָבן געטונקען דאָס ברויט אין זייערע טרערן, אַזוי ווי דו, ווען דו טראַכסט אינעם פײַן פון דײַנע ברידער, וואָס ווערן געשמיסן אין אַלע שטעט און געטראָטן אויף אַלע וועגן פון דער וועלט. אַלטער מוישע, דײַן בלייך פּאָנעם, וואָס איז צעאַקערט פון ווייטיק, ווי די ערד פון דײַנע זין מיט דעם אַקער, איז דאָס אייגענע פּאָנעם, וואָס די גוטע בסורע האָט דערין די אויגן באַלויכטן, דאָרט, בעיִם אינעם טעמפּל, וואָס האָט צו

זיך קיין גלײַכן ניט, האָבן די בסופֿעם געהויבן זייערע נאַקעטע אָרעמס צום הייליקטום און פֿון דער טיפֿעניש פֿון יעהודאַ זײַנען די מענער געקומען אַף יאַנטעוו און געבראַכט אַ קאָרבן צו גאָט, אַ שעפּעלע און אַ טויב.

אַזוי ווי אין טאָג פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט, ווען דער שטאַרבנדיקער העלד האָט אַרויסגעברומט אין שול די שרעקלעכע ווערטער, אַזוי וועלן דײַנע זיפֿצן אָנפֿילן מיט זייער טרויער־מוזיק דעם מילדן הימל און די ברייטע פֿעלדער, ווו עס כוואַליעט זיך דער ריטם פֿון די ווידאַליטאָס, דאָס זיפֿצן פֿון דער ליבע, דאָס מעקען פֿון דעם פּי. ווי דעמאָלט, וועט קיינער ניט ענטפֿערן אַף דײַן געזאַנג, און אויב יעהודאַ האַלייווי זאָל נאָכאַמאָל אַרײַנקומען אין ירושלאַים, מיט אַ זאַק אַש אַפֿן קאָפּ ווי אַ צייכן פֿון טרויער, און זינגען זײַן קלאָג־ליד, וועט אים ווידער אַ סאַראַצענער צעטרעטן אונטער זײַן פֿערד...

* * *

— לאָמיר זיך שטעלן זאָגן, מאַמע.

— עס איז נאָך פֿרי. די שויכעטקע דאַרף נאָך קומען, איר שוועסטער און די בובע.

— די בובע. אויך מיר אַ זאָגערן! — האָט זיך אַ זקיינע אָנגערופֿן. — זי קען דאָך ניט! אַז ס'איז דאָ אַ פֿירזאָגערן, זאָגט זי נאָך.

— הערסט זי וויינען, מיינסטו זי האָט אַליין די טפֿילעס פֿאַרפֿאַסט.

— פֿאַראַן אַ סאַך אַזוינע ——— האָט זיך אָנגערופֿן די מוישעכע.

— אין מאַכזער קענען זיי קיין אָס ניט, נאָר פֿילן קענען זיי. איי, שוועסטער לעב! מען לערנט זיך אויס זאָגן מיטן האַרצן.

— מירן פֿריִער אָפּדאַווענען מינכע און מײַרעוו און דערנאָך וועלן מיר זאָגן די קינעס, — האָט זיי מוישע אויפֿגעקלערט.

— פֿאַראַן אַ מיניען מענער?

— פֿערצן זײַנען מיר.

— וועלן מיר זיך שטעלן דאַווענען.

און מוישע האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּאָנעם צו מיזרעך און האָט אָנגעהויבן מיט די באַקאַנטע ווערטער:

— באָרוך אַטאָ אַדוינוי.

נאָכן דאַווענען האָבן זיך די ווייַבער אויסגעזעצט אַף דער ערד, קעגנ־יבער די מענער, און מען האָט אָנגעהויבן זאָגן די קינעס. פאַרקרומ־טע מיט אַ זויערער מינע, האָבן די מייַלער אין דער באַנאַכטיקער מיט קלאָלע אָנגעזאָפּטער רו אַרויסגעבראַכט די טויזנטער־יעריקע קרעכצן פו־נעם ייִדישן פאָלק. טרערן, גרויסע ווי טראָפּנס רעגן, זייַנען געפאַלן אַף די סידורים באַלויכטענע מיט היימיש־געמאַכטע ביילעווענע ליכט, און אין דרויסן האָבן די הינט זייער לאַנגן און טיפן וואָיען פאַראייניקט מיט דעם אינעווייניקסטן געיאָמער בעציבער.

„ווי די אַלמאָנע וואָס וויס, אַז איר מאַן וועט מער נישט צוריק־קומען..." — האָט געברומט דעם שויכעטס קאָל. — „יערושאָלאַיִם, ווי אַ יונגפרוי, וואָס וויס נישט וואָס מיט איר מאַן האָט געטראָפן, רייַסט די קליידער אַף זיך, בייַסט די ערד און צעלאָזט די האָר אַפן ווינט; אַזוי ביזטו, יערושאָלאַיִם, דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, פאַרוויסט און צעטראָטן פון די סאָנים".

— אַזוי ביזטו יערושאָלאַיִם — האָבן די ווייַבער נאָכגעזאָגט מיט פאַרשטיקטן געוויין, און זייערע קוילעס האָבן אָפּגעהילכט אין דעם טונ־קעלן עלנט.

אין הויף האָט ריווקע געפירט אַ שמועס מיט יאַנקלען.

אירע בלויע אויגן, איר שווערער קאָפּ האָר, איר בויגיקער גוף, האָבן דעם ייִנגל געשווידערט.

— און דו, פאַרוואָס גייסטו ניט אַרייַן זאָגן?

— איך בין נאָך אַ קליינע. אַז איך וועל כאַסענע האָבן, וועל איך זאָגן באַגלייַך מיט אַלעמען.

— בעסער אַזוי.

— מיט אַן עמעם?

— אוואדע, אַזוי קען איך זייַן דאָ מיט דיר...

— ביזט דאָך דאָ קימאַט דעם גאַנצן טאָג...

יאַנקל האָט געוואָלט ענטפערן, נאָר אויסגעבראַכן האָט ווידער דאָס געוויין פון די ווייַבער און די מענער האָבן ווידער גענומען זאָגן. מיט זייער פינצטערן געשריי האָבן זיי דערמאָנט דעם אַמאָליקן גלאַנץ פון יערושאָלאַיִם — דעם הימל פון וויסן, טרוינשטול פון גערעכטיקייט,

קעניגרייַך פון די נעוויאים. די קוילעם האָבן אויסגעקלאָגט דעם אייביקן פּייַן פון יִשׂראל. די הינט האָבן געוואָיעט מיט די שנוקן צו דער לעוואָנע.

— ריווקע, מען האָט מיר געזאָגט דו האָסט אַ כאָסן.

— נישט עמעם; האָסט עס אַליין אויסגעטראַכט.

— וואָלסט, אָבער, געוואָלט האָבן?

ריווקע האָט געשוויגן. אַ דורכגענומענער מיט דעם רייעך פון די נאַנטע גערטענער, פאַרקישעפט מיט דער מילדקייט פונעם הימל — דעם וווּנדערלעכן ענטרע־ריִאָסער הימל — האָט יאַנקל אָנגעכאַפּט ריווקעס אַ האַנט, האָט זי צוגעצויגן צו זייַן ברוסט און האָט איר געגעבן; אַ לאַנגן נישט דרייסטן קוש אין אירע האַלב־צוגעמאַכטע אויגן.

פון דער אַנדערער זייַט פּאַשע־פּלאַץ איז אַ קאַלאַניסט צוריקגעגאַנגען פונעם וואָקזאַל און געזונגען דאָס קלאָג־ליד פון דעם ייִד:

גייט אַרום איבער דער וועלט אַ מענטש,
וואַנדערט אום פון שטאָט צו שטאָט...

אינעווייניק האָבן די אַלטע געקלאָגט:

— ירושלאַיִם, געשענדעטע און פאַרטרויערטע, די טרערן פון דייַנע קינדער גיסן זיך ווי די וואַסערן פונעם יאַם...

# וואָס מיט מיריאַמען איז זיך פֿאַרלאָפֿן

ראַבעליאַ מיגעז מיט מיריאַמען פלעגן זיך צוזאַמענריידן נאָר מיט זייער געזאַנג. ראַבעליאַ איז געווען דער גראַטנסטער יונג אין יענער ענטרע־ריזאַסער געגנט. געווען איז ער אַ אויסגעצייכנטער אימפּראָוויזאַטאָר פון ווידאַליטאַס און פלעגט זיי זינגען באַ די דאָרפישע טענץ און מיט זיין באַרימטער גיטאַרע אַרויסרופן טרערן באַ די מיידלעך. נישט קיין געוויינלעכער באַכער איז ער געווען. מיט זיין גאַנצער דאָרפישער ניט געשליפנקייט, איז ער געווען גאַלאַנט און קיינער האָט זיך נישט געקענט באַרימען מיט אַזוי פיל ליבעס־אַוואַנטורעס ווי ער. נישט געווען איז ער אויך דאָס וואָס מען רופט אַן אַ שיינער, וואָרעם געהאַט האָט ער שטענדיק אַן אַנגעכמורעט פּאָנעם און האָט זעלטן ווען געלאַכט.

די פּעאָנעס פון דער קאָלאָניע, וואָס האָבן אים מעקאָנע געווען פאַר זיינע ניצכוינעס, האָבן קעגן אים אויסגעזעצט סיידן דאָס וואָס ער טויג זיך ניט אויס צום טאַבאַ־שפּיל. געהאַט האָט ער צווישן זיי ווייניק גוטע ברידער. די דאָרפישע ייִדן, פּאַרקערט, האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין גוטן כאַראַקטער און פאַר זיין פליִס באַ דער אַרבעט. עס איז זיך דערי־בער ניט צו וווּנדערן וואָס יאַנקעוו כאַלערמאַן האָט אים אָפּגעהיט ווי אַן אויצער. יאַנקעוו, אַן עלטערער ייִד מיט אַ שיטער בערדל, מיט אַ קרומער נאָז און טרוקענע באַקן, אַן אַמאָליקער ווילנער יעשיווע־באָכער, אַ טווּע־סויכער אין בעסאַראַביע און אַ קאָלאָניסט אין ענטרע־ריזאָס, פלעגט געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיין פּעאָן איז אַזאַ גראַטענער. ער פלעגט דערויף מאַכן שאַרפע פיירושים און ברענגען וואָגיקע ריִעס און אַפילע געוואָלט איינריידן דעם אוילעם, וואָס האָט אים אויסגעהערט, אַז ראַבעליאַ וועט זיך נאָך מעגייער זיין ווען ער וועט מיט זיין קנאַפּן סייכל דערגיין צום עמעס.

— גערענקט איר דעם מײַמער פון ראַביינו יעהודאַ האַקאָדעש? — פלעגט ער אומישנע אַ פרעג טאָן דעם לערער פון דער קאָלאָניע — אַז נאָר מאַכמעס באַ די אומעס האָוילעם איז דער מויעד פאַרפינצטערט, נעמען זיי ניט אָן גאָטס טוירע...

מיריאַם, זײַן טאָכטער, האָב זיך ניט אַזוי טיף געגריבלט. אַף אויס־צוקלײַבן ראַכעליאָן, האָט זי נישט באַדאַרפט די ראַבאָנישע מײַמאָרים, וואָס זײַנען אויסבאַהאַלטן אין די טיפענישן פונעם טאַלמוד. זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דער פעאָן רעדט צו איר. ניט לאַנג ערשט זײַנען זיי אָנגעקומען פון רוסלאַנד און דאָס היגע לאַשן, האָט זיך איר גע־דאַכט, איז האַרטער פון קיזלשטיין. דערפאַר אָבער האָט זי פאַרשטאַנען זײַן געזאַנג. אַז ראַכעליאַ פלעגט זינגען אַ ווידאַליטאַ, פלעגט זי אים שטענדיק ענטפערן מיט אַ ייִדיש ליד, וואָס איז פרעמד געווען דעם אויער פונעם קרעאָל, נאָר פאַרקישעפט פלעגט ער ווערן פון איר געזאַנג. זײַן פאַרברוינט פּאָנעם פּלעגט אויפלויכטן ווען ער האָט געהערט דאָס שיינע מיידל זינגען. אַ בלאָנדע ווי דער ליכטיקער טאָג און ווי דאָס ווײ־צענע פעלד. ווען יאַנקעוו מיט ראַכעליאָן פלעגן אַרויספאָרן אַפן פעלד, פלעגט מיריאַם זיי ברענגען דעם אָנבײַסן. באַם אַקער, אָן אַ זײַט פון דעם צעאַקערטן, פלעגן זיי שמועסן צווישן זיך, יעדער אַף זײַן שפּראַך. די זון האָט זיי געבאָדן אין איר טאָגליכט. יאַנקעוו האָט גערעדט פון די דורכגעגאַנגענע אָקערשניטן, וועגן דעם קויעד פון די טאַנאַכישע אָקסן, גרויסע ווי די בערג און צוגעלאָנטשעטע ווי די קינדער. די אָקסן האָבן באַ אים געטראָגן נעמען דערנידערנדיקע פאַר רוסלאַנד: צאַר, מאָסקאָל, צאַרעוויטש...

— אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט אַ ווונד אַפן נאַקן...

— זאָרגט נישט, פּאַטראָן — פלעגט ראַכעליאַ ענטפערן און זיך ווענדן צו מיריאַמען: — די קאַווע מיט מילך איז גוט, פּאַטראַנסיטאַ.

— איר האָט הײַנט אַ סאַך אויפגעאַקערט...

— שפּילנדיק...

אַז יאַנקעוו פלעגט זיך פאַרקוקן, פלעגט ראַכעליאַ צוואַרפן דעם מיידל קײַקעלעך גראָז.

וועגן אַט־די מאַכזאָקעס האָט מען גענומען ריידן צווישן מענטשן אין קאָלאָניע. מען האָט זיך געוווּנדערט אַף דער צו פרײַער האַלטונג

פון מיריאמען, די טאכטער פון אזא פרומען ייִדן און לערנער ווי רעב יאנקעוו. פון ריידן איז מען אריבער צו מורמלען. דאס ייִנגל איציק האט זיי אמאל ביידן געזען זיצן באם טײַכל, וואס שנײַדט דורך דאס פאשע־פלאץ פון דער געמיינדע. די אלטע ראכל, דעם שויכעטס מוטער, האט זיי אויך דארט געזען זיצן און א צווייטן מאל האט זי זיי ביידן געזען הינטער דער שטוב.

יאנקעוו האט געוווּסט, אז מען מורמלט און האט, פארשטייט זיך, נישט געגלויבט. אף די אנצוהערענישן פון זײַנע גוטע פרײַנט אין שול, פלעגט ער זיך ארויסדרייען מיט א גלײַכווערטל און האט פארזיכערט:

— מיריאם וועט מיט קיין גוי נישט כאסענע האבן, האט קיין מוי־רע ניט. איר מעגט אויך וויסן, אז ראכעליא איז נישט קיין גאנעוו, כא־לילע, און נישט קיין רעצייעך. בא אים אין כיידער וועט איר קיין ראל דראט און דער שקאפעס גלעקל נישט געפינען.

דערמיט האט ער געגעבן אנצוהערן אף די מײַסים פון דער פרומס־טער מישפאכע אין דער קאלאניע.

פונדעסטוועגן, האט יאנקעוו, א מענטש א פארזיכטיקער, אויסגע־פונען עפעס א טערעץ און האט דעם פעאן אפגעזאגט, און, א סאף צו די מײַסעס. דער שויכעט אליין האט שאבעס באם דאוונען געזאגט, אז רעב יאנקעוו איז אן ערלעכער ייִד און מיריאם איז א לײַטיש מיידל, מיט איין ווארט, א ייִדישע טאכטער.

נאר אויסגעלאזט האט זיך די מײַסע גאר אנדערש.

געווען איז עס פייסעך באם דאווענען, באם שויכעט אין ראנטשא, ווו די שול איז געווען. געווען איז די שול פול מיט קאלאניסטן. מיידלעך האבן זיך אויסגעפוצט אין נײַע העלע קליידער און באכערים האבן גע־רעדט פון פערד.

דער אוונט האט זיך געטוקט אין דער כמורנעקייט פון אנקומענ־דיקן הארבסט און אפן פאשע־פלאץ, א באזוימטן מיט הײַזקעס, האט גערוט דאס פי.

רעב יאנקעוו, מיט דעם טאלעס אף די פלייצעס, א באריידעוודיקער ווי שטענדיק, האט אויסגעטײַטשט א שווערן פאסעק אין טאנאך.

פלוצים האט א ייִנגל גענומען שרײַען און ווײַזן מיטן פינגער:

— קוקט נאר, קוקט אהינצוצו!

אַלע קאַלאַניסטן זייַנען אַרויס פון דער שול און האָבן דערזען עפּעס שרעקלעכס: ראַכעליאַ, אַף זייַן מעכטיקן אַלאַסאַן, לויפט, מיט מיריאַמען אַפן הינטן אויפגעזעצט. ווי אַ ווינט האָבן זיי זיך דורכגעטראָגן, דער קרעאַל אַ געשטרעקטער און אַ שטאַלצער, און זי, די האָר צעלאָזן, האָט געקוקט אַפן אוילעם מיט אַ טראַציקייט, מיט אַ פלאַם אין די אויגן, און ווען די קאַלאָניסטן זייַנען צו זיך געקומען פון שטוינען, האָט שוין דאָס אַנטלאָפענע פּאָרל זיך אַנגעזען ווי אַ פּינטל אין דער ווייַט. אַפן וועג האָט אַ שטויב זיך געשפּרייט און געהויבן פאַסן גאָלד.

# דער אקסנטרײַבער

דאן רעמיכיא קאלאמאקא — אזוי האט מען גערופן דעם אקסנ־טרײַבער פון דער קאלאניע ראכיל — איז געווען אײנער פון אירע מערקווירדיקסטע פארשוינען. אלט איז ער געווען, זײער אלט, און געזען האט מען אים שטענדיק אפן פערד. בעײסן רײַטן איבערן פאשע־פלאץ, ארום די גערטענער אדער לענגוים די פארזײטע פעלדער, פלעגט זײַן סוויסטש די לופט דורכשנײַדן ווי א פײַל. געווען איז ער א הויכער, א ברײטבײניקער, דאס פאנעם געקנײטשט, פול מיט שראמען. די האר לאנג, לאנג אויך די בארד, וואס האט געפלאטערט אפן ווינט ווען ער פלעגט רויק גאלאפירן אף זײַן הירשן־קאלירטן פערד.

אין דער יוגנט איז ער געווען א זעלנער בא קריספין וועלאסקעז און האט זיך באטײליקט אין די שלאכטן אינײנעם מיט דעם ווישא־גווײַער קאודיזשא. אין רעגנדיקע טעג, ווען פון ריטשקעס ווערן טײַכן, פלעגט דאן רעמיכיא דערצײלן וועגן זײַנע אמאליקע העלדישקײטן פאר די ייִדישע באכערים, וואס פלעגן זיך צונויפקומען צו אים אין בײַדל. דארט פלעגן מיר פירן אונדזערע שמועסן. די גאסטפרײַנטלעכע טשינא פלעגט אונדז דערבײַ באדינען מיט ביטערער מאטע און איר ייִנגל האט געקלימפּערט ארטיקע ניגונים אף דער צעטרוקנטער גיטארע, וואס אף איר רוקן פלעגט דער אלטער בראקן זײַן טאבאק. דאס זײַנען געווען די ליב־סטע טעג בא דאן רעמיכיא.

די בעהיימעס האט מען געהאלטן אין הויף, די קאלאניסטן האבן ניט געארבעט. פלעגט דעריבער דאן רעמיכיא זיך דעמאלט אוועקזעצן בא דער היימישער טריניזשקע, ווו א שטיק קעבראטשא־האלץ האט אויפגעהאלטן דעם גאנצן טאג א פײַערל אן רויך. דערצײלן פלעגט ער פון העלדישע מײַסים. ער פלעגט אויסציִען אף א שאפענער פעל זײַן קרומען פוס,

וואָס ער האָט צעבראָכן ווען ער איז איינמאָל אַראָפּגעפאַלן פונעם פערד אויף אַ מאַנעזש פון אָקסן, פאַרדרייען אַ גראָבן ציגאַר פון שוואַרצן טאַבאַק, אים אַרײַנשטעקן אין מויל ביזן צווייטן עק און רייכן. זײַן הייזעריקער קאָל פלעגט ווערן שנײַדיק נאָך לאַנגן דערציילן. קיינמאָל פלעגט ער ניט פאַרפעלן דערמאָנען אין די מײַסעס וועלאָסקעזעס נאָמען, און אַז ער פלעגט מערקן אַ סאָפּעק בײַ זײַנע צוהערער, פלעגט ער שטעלן פאַר אַן איידעס דעם קאָמיסאַר, דאָן בעניטאָ פּאַלאָס, וואָס בײַ אים איז ער געווען סאַרכענטאָ צוריק מיט יאָרן, ווען דער נעדיכטער טשערעט לעבן סאַן־גרעגאָריאָ איז נאָך פול געווען מיט פּי־גאַנאַווים. לייענען, פאַרשטייט זיך, האָט ער ניט געקענט. זײַן וויסן איז באַשטאַנען פון דאָרפישע שפּריכווערטער, אַנעקדאָטן פון לאַנג־פאַרגעסענע שלאַכטן און גלײַכווערטלעך, אויפגעקומענע בעיים די פערד־געיעגן אין לאַס־מאָסקאַס אָדער בעיים דעם שאַרפן איבערווערטלען זיך מיט דעם קעגנער — אַ פאַלשער יונג, פאַרשטייט זיך — אינעם טאַבאַ־שפּיל.

אַזאַ באַרימטער פאַרשוין אַפּן ישׂעיו, האָט אויך געמוזט, פאַרשטייט זיך, קענען די קונסט פון די פּאַזשאַדאָרן. אַ סך ווידזשאַגווײַער קרעאָלן האָבן נאָך געדענקט די ניצחונעס, וואָס דאָן רעמיכיאָ קאַלאַמאַקאַ האָט אויף דעם פעלד אָפּגעהאַלטן בײַ די טאַנץ־אָוונטן אין די היגע מעקוימעס.

און מוירע געהאַט האָט מען פאַר זײַן מעסער, וואָס זײַן זילבערן הענטל האָט אַ סך מאָל געגלאַנצט אין די געפעכטן בײַ דער שײַן פון דער לעוואָנע.

אַלט ווי ער איז געווען, פלעגט דאָן רעמיכיאָ אונטער דעם צעלטבערטן דאַך, וווּ ווינט און רעגן זײַנען פרײַ אַרײַנגעקומען, אויף זײַן גיטאַרע דערמאָנען די יונגע יאָרן. דעמאָלט פלעגן די זעלנערישע עפּיזאָדן אָפּטרעטן זייער פּלאַץ די אינטימע זיכרוינעס. זײַנע בייניקע פינגער פלעגן דעמאָלט באַקומען לעבן, זײַן בייז טרוקן פּנים פלעגט מילדער ווערן.

— ברענג אַהער די גיטאַרע, כואַן! עפּעס קען איך נאָך.

פּאַמעלעך און ביז דער האָר סטרויעט ער דעמאָלט אַן די קיילע, פּרוּווט זי אויס און נעמט זיך צו זײַן אַלטן רעפּערטואַר.

געווען זײַנען עס אַלט־באַקאַנטע דעסימאַס, צען־פערזיקע סטראָפן,

וואס טריפן מיט דעם רויען און אײַנגעטראכטן געמיט פון דעם גאַוטש, אַ געמיש פון ווילדן מוט און מילדער ליבע.

און יעדע דעסימאַ פלעגט דאַן ראַכעליאַ פאַרענדיקן מיט אַזאַ מין אויסרוף:

— אַט אַזוי האָט מען אין מײַנע צײַטן געזונגען!

ווי אַלע אַלטע לײַט, האָט דער אַקסנטרײַבער געבענקט נאָך דער אַמאָליקער צײַט, נאָך די העלדישקייטן פון זײַן יוגנט — ווען געוועלטיקט האָט דאַן קריספּין, — און זײַן פּאַשעטע נאָר גוטע נעשאָמע איז פול געווען מיט בענקשאַפט. דער זעלנער פון יענע ווילד־ברויזנדיקע מאַכ־נעס האָט זײַן גלאָררײַך לעבן פאַרענדיקט באַ דער אײנטאָניקער ארבעט אין קאָלאָניע. אפילו ניט אַמאָל אַ מאַנעזש פון אָקסן אָדער פערד מאַר־קירן. די גרויסע שטרעקעס ערד זײַנען צעטיילט אין נאַכלעס, פאַרצוימט מיט דראָטן פון אַלע זײַטן, זײַן האַרץ, אַ געוווינטע צום אַמאָליקן העפ־קער, האָט זיך געפילט דערדריקט אין דעם נײַעם שטייגער. דאָס קרעאָלנ־טום איז צעשפּרייט, די כאַווײרים זײַנע פון די גרויסע און פאַרגעסענע טעג זײַנען אויסגעשטאָרבן, האָט ער געקוקט מיט אַ באַהאַלטענעם טרויער אַף די אויסלענדער, וואָס אַקערן די ערד און פירן אַ כעשבן פון די קעלבלעך און פון די הינער.

זײַן עלטער, ווי זײַן גיטאַרע, אַז אָנגעלאָדענע מיט קלאַג, האָט גע־אָטעמט מיט דעם אומענדלעכן טרויער פון די באַזיגטע. אַ פּאַשעט לעבן האָט ער געלעבט אין ראַכיל, געצײמט פערד פאַר די ייִדן און געהאָלפן פאַרשטוביקן ווילדע קי צום מעלקן. קנאַפּ וואָס האָט ער געקאָנט פאַר־שטיין די ייִדישע מינהאָגים. ליב געהאַט האָט ער די פּאַשעטע האַרע־פּאַשנע מענטשן, וואָס אין זייער עמונע איז ער נישט אַרײַנגעדרונגען. געוווּסט האָט ער אַז שאַבעס מאַכט מען נישט קיין פײַער און אַז פרײַ־טיק צו נאַכטס גייט ער צום אַלקאַלדע אָדער צום שויכעט אין שטוב פאַרלעשן דעם לאָמפּ אָדער צעבלאָזן דעם זשאַר אין אויוון, ווו עס האָט זיך געקאָכט אַף מאָרגן דאָס פלייש צום מיטיק און דאָס געברוינטע טייגעכץ אין הינער־שמאַלץ.

מיר אַלע האָבן אים ליב געהאַט און דעם טאָג ווען מען האָט זיך דערוווּסט פון זײַן אומגליק, זײַנען אַלע קאָלאָניסטן געווען טיף באַ־צאַרט. דאָס איז געווען אַ פאַל, וואָס האָט אַ סאָף געמאַכט צו זײַן לעבן

אַלס זעלנער און אַלס צוימער. דאָס וואָס איז געשען גיט אַ פאַרשטע־לונג פון דעם טיף פּאַרציַטיקע קרעאָלן, וואָס זייער געשיכטע, אין ליִ־דער אויסדערציילטע, וועט איבערראַשן די קומענדיקע דורות. ווער גע־דענקט דען ניט אין קאָלאָניע די דאָזיקע געשעעניש? ייִדן האָבן עס אַ סך שאַבאַסים אין שול אַרומגעשמועסט און ווײַבער דערציילן עס נאָך ביז היַינטיקן טאָג מיט שרעק.

געוועזן איז עס אַ זונטיק, לעבן דער פּולפּעריאַ פון לאַ־קאַפּיזשאַ. אינעווייניק אין קליטל האָבן ייִדן און גאַזשעגאָס געמאַכט זייער איַינ־קויף אַף דער וואָך. אינדרויסן האָבן די פּעאָנעס געפּלאַנעוועט אַ פערד־געיעג, אַנגערעגטע פון דער זון, וואָס האָט זיי דאָס בלוט צעזאָטן. נישט וויַיט פון דאָרטן האָט זיך געצויגן דאָס טיַיכל לאָס־לאַגאַרטאָס ווי אַ גרויער פאָדעם, אַן איבערגעהאַקטער מיט דער דאָמבע. ראָמאַש־קעס און קאַרן־בלימלעך האָבן געבליט אַפּן פעלד און קאַרדאָס האָבן איבער דער פרילינגדיקער לאַנדשאַפט אויסגעשפּרייט זייער שריַיענדיקן פלעק.

מען האָט איַינגעשטעלט געלט אינעם געוועט. דאָן רעמיכיאָ האָט געפּאַטשט מיט זיַין שווערן רעבענקע איבערן שטיוול און געמוטיקט די יונגעליַיט:

— אַ נו, מעליטאָן, לאָמיר נאָר זען ווי דו נעמסט דיך אונטער מיט דיַין באַזשאָ. ביסט ווייך ווי אַ דאָקטער!

ער פאָכעט מיט זיַין אויסגעריבענעם פּאָנטשאָ און דעקט אויף דער־ביַי אַף זיַין זילבער־באַצירטן גאַרטל דאָס באַרימטע מעסער און די בליַיערס. ער בייגט אַראָפּ דעם צעקנייטשטן טשאַמבערגאָ מיט דעם הויכן קאָלפּעק און שפּאַנט אום אַף די קנאָפּל פון איין רעדל קרעאָלן צום צווייטן. ער גיט זיַין מיינונג וועגן אַ נישט קלאָר אָנגעצייכנטן ציל, מאַכט עמעצן אַ באַמערקונג, ווערטלט זיך איבער מיט אַ צווייטן און ברומט פאַר זיך אַ לידל.

דער סאַרכענטאָ ראָדריגעז שטילט איַין אַ קריגעריַי מיט אַ געשריי פון דער טיר אַרויס, מאַכמעם דער קאָמיסאַר איז דאָ אַפּן וואָקזאַל, ווו דער באַטאַ־שפּיל פאָדערט זיַין אָנוועזנקייט.

דאָן רעמיכיאָ האָט זיך געוועט מיט איינעם אַ גאָוטש, אַז זײַן פֿאַנגאַרע לויפֿט בעסער פֿון אַלע אַנדערע פֿערד.

— כואַן! — האָט ער אַ רוף געטאָן דעם זון. — הער נאַר, דו, באַווײַז אים ווי דער פֿערד לויפֿט.

און דער געוועט איז אָפּגעמאַכט.

כואַן האָט זיך אויפֿגעזעצט אויף דאָן רעמיכיאָס פֿערדל און קאַסטראַ, אַ פּעאָן אָפּן גוט פֿון דער פֿאַמיליע בעניטעז, אויף זײַן אַלאַסאָן. די גאָוטשן האָבן זיך אָוועקגעשטעלט בײַ דער שטאַל, וווּ דער ציל איז געווען, צוזען דעם ספּעקטאַקל. די פֿערד האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין בייזן געיעג און געזען האָט מען פֿון ווײַטנס ווי די רײַטער דרייען מיט די רעבענקעס אין דער לופֿטן און זייערע געשרייען ווערן אַלץ נענטער איינ־איינעם מיט דעם קלאַפּן פֿון די פֿערדישע פֿיס. דער פֿאַנגאַרע איז היפּש פֿאַרויסגעלאָפֿן און די גאָוטשן האָבן דאָס מיט זייערע אויסרופֿן צו וויסן געגעבן.

שוין נאָענט פֿון דער שטאַל, איז דער אַלאַסאָן אומגעפֿאַלן און קאַסטראַ איז שטיין געבליבן אויף דער ערד. אַ ביטערער וויקועך האָט זיך פֿאַרפֿירט נאָך דעם געשעענעם. קאַסטראַ האָט געטײַנעט, אַז ווען זײַן פֿערד פֿאַלט ניט, וואָלט ער געוווּנען דעם געוועט. כואַן האָט זיך אַקעגנגעשטעלט און נאָך יענעמס אַ שאַרף וואָרט, איז געקומען צום געשלעג. די פּעאָנעס האָבן אָפּגעטראָטן אַז אַ זײַט און דאָן רעמיכיאָ, אַ רויקער, אַן ערנסטער, האָט פֿאַררויכערט אַ ציגאַר און זיך אָנגערופֿן:

— האַלט זיך גוט, זון מײַנער.

דער געפֿעכט איז געווען אַ קורצער. אין דער באַטאַגיקער רו האָבן זיך ביידע מעסערס אָנגעטראָפֿן. ביידע פֿעכטער האָבן זיך געטווישט מיט פֿלינקע קלעפּ פֿון זייער אײַנגעבוירענער מײַסטערשאַפֿט. קאַסטראַ האָט גענומען אָנגרײַפֿן וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער, מיט אַ פֿעסטער האַנט. אַ פּאָר מאָל האָט זיך דאָן רעמיכיאָס פּאָנעם פֿאַרכמאַרעט ווען זײַן זון האָט אין דעם בייזן געשלעג צוריקגעטראָטן. דער קעגנער, זיכער אין זײַן קונסט, האָט באַקומען די אויבערהאַנט. דער אַלטער, מיט דער לינקער האַנט אויף דער באָרד און די רעכטע אויף זײַן מעסער, האָט געקוקט אָפּן זון מיט אָנגערוקטע ברעמען. כואַן האָט ווידער צוריקגעטראָטן און דאָ, ווען ער האָט נאָכגעלאָזן בײַם נײַעם אָנגריף, האָט דאָן רעמיכיאָ,

מיט איין שנעלן מאַך פון דער האַנט, אים דאָס מעסער אין קאָפּ אַרײַנ־געשטאָכן:

— שלימאַזל! — האָט ער דערבײַ אַ געשריי געטאָן — רוק דיך ניט אָפּ צוריק!

דערהערט האָט מען אַ קרעכץ און דער אוילעם האָט צוריקגעטראָטן, אַ פאַרכאַפּטער פון שרעק. דאָן רעמיכיאָ האָט גענומען שפּאַנען מיט פּאַמעלעכדיקע טריט צום קלייטל און אַנדערע, אויפגעשווידערטע, האָבן מיט אַ ציטער אין די הענט, גענומען אויפהייבן דעם געשטאָכענעם.

קאַסטראָ האָט זיך אויפגעזעצט אויף זײַן אַלאַסאָן און איז אין גאַ־לאָפּ אַוועק פון דאָרטן. די פּעאָנעס האָבן וועגן דעם געשעענעם גערעדט אין דער שטיל, מיט באַוווּנדערונג פאַר דעם אַלטן קרעאָל, דעם לעצטן איבערבלײַב פון יענעם פאַרהאַרטעוועטן און געטרײַען שטאַם, וואָס האָט פול געמאַכט די ענטרע־ריִאָסער געגנט מיט לעגענדעס, אַ שטאַם, וואָס קען אַלץ איבערטראָגן, נאָר ניט קיין מוטלאָזיקייט, וואָרעם מוט איז דער גרונט־שטריך פון דעם גאָוטש, מוט איז זײַן אַדעליקייט, זײַן פּאָעזיע.

אָט אַזוי האָט אַ סאָף געמאַכט צו זײַן געשיכטע דער באַרימטער אַקסנטרײַבער, און מיט דעם געשעעניש האָט ער פאַרענדיקט זײַן לעבן אין אַ טפּיסע־צעל, אַ באַלאָדענער מיט יאָרן, מיט זיכרוינעס, מיט מאַטער.

# רעב אווראָמס טויט

פאַסירט האָט עס אין דער קאָלאָניע ראַכיל. געווען איז דעמאָלט א ווינטערדיקער טאָג, א בלייכער און א קאַלטער. די זון האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן אױף די העכערע ערטער און האָט ראַזעווע באַפאַרבט דעם פראָסט, וואָס האָט צוגעדעקט דאָס פעלד. פראָסט אױף די סלופּעס, פראָסט אױף די דעכער פון די ראַנטשאָס, ווײַס דער וועג, האָט דאָס דאָזיקע ענ־טרע־ריאָסער ווינקל גיכער דערמאָנט א פּייזאַזש פון א שנייאיקן לאַנד. א רוסיש בילד אױף דער מילדער און ווילדער ערד פון די גאַוטשן.

שוין צײַט געווען אַרויסצוגיין אױף דער אַרבעט. רעב אווראָם האָט אומגעשפּאַנט היין און צוריק פון שטאַל אין שטוב און האָט געגרייט דעם אַרויספאָר אױף דער טשאַקרע. אין קיך, פול מיט רויך פון פײַכטן האָלץ, האָבן די יונגלעך געזופּט די מאַטע און געקלאַפּט איין קנאַפּל אַן צווייטן אױף אַנצוּוואַרעמען זיך. גאַזשאַ, דער פּעאָן, האָט זיך פויל אויסגעגלײַכט, נאָך א פאַרשלאָפענער. רעב אווראָמס ייִדענע האָט אויס־געטאַפּט די הינער אױף דער סידאַלע און דערבײַ געוואָרטשעט ווי יעדן פרימאָרגן:

— אַז קיינמאָל ליגן זיי זיך ניט אױף איין אָרט...

און דאַן גאַזשאַ האָט געענטפערט, מיט א גענעץ, אויך ווי יעדן פרימאָרגן:

— זיי זײַנען שלעכט פאַרלערנט, פּאַטראָנאַ...

פון די ריטשקעס האָט זיך דערטראָגן דאָס שרײַען פון די טעראָ־פייגל און ווײַט, דאָרט ווו עס האָט זיך פאַרלוירן די גרויע ליניע פונעם טײַכל, האָט א שקאַפּע מיט איר הירזשען צעטרייסלט די פרימאָרגנדיקע רו. די זון איז אַלץ מער אַרויסגעקומען און האָט רויט געמאַכט די שי־טערע וואָלקנס, וואָס האָבן באַפלעקט די מעטאַלענע גלאַטקייט פונעם

הימל. געמערקט האָט זיך באַוועגונג אין אַלע קאַלאַניסטישע שטיבער. די קאָלאָניסטן און די פּעאָנעס האָבן אײַנגעשפּאַנט די אָקסן, וואָס זיי־נען ווי געלײמט געוואָרן איבער נאַכט. ווען־ניט־ווען האָט דער ווינט צוגעבראַכט אַן אויסגעשריי, וואָס די יִנגלעך האָבן לאַכנדיקערהייט אָפּ־געענטפערט:

— דעם זשאַגוואַרע ניט! — האָט מען געשריגן אינעם שכײנישן הויז.

רוט איז אַרײַן אין קיך, אַ צעשויבערטע, מיט אַ וואָלענעם שאַל אויף די אַקסלען, וואָס האָט דעם שײנעם און יונגן דאָרפישן מיידל צוגע־געבן ווילדן רייץ און כוצפּע. זי האָט צעשאַרט דאָס פײַער און איז אַרײַן אינעם קאַן פון די פרויע מאַטע־טרינקער. מיט אַ שאַרפן קער האָט זי אָפּגעענטפערט אויף קאָמפּלימענט פונעם גאַוטש:

— רייד נישט קיין טיפּשעס! ס'איז נאָך צו פרי...

לעבן דער טיר, האָט רעב אווראָם זיך געשטעלט דאַווענען. ער האָט פּאַמעלעך אַרומגעוויקלט דעם לינקן אָרעם מיט די רעצועס, אַנגעטאָן דעם שעל־ראָש און זיך איבערגעדעקט מיטן טאַלעס, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ געוויסע אָריענטאַלישקייט און פּריסטערישקייט. ער האָט שאַרף אַרויסגערעדט די ווערטער אין דער שפּראַך וואָס גאָט האָט אין איר גערעדט צו די נעוויאים, פרייד פאַר די זײַניקע, בראָכעס פאַר גאַנס וועלט.

ווען ער האָט געענדיקט דאַווענען, איז שוין די זון געשטאַנען גאַנץ הויך. דער פּראָסט איז אָפּגעגאַנגען און די פּאַראַדיזן־ביימלעך און די קאַרן־בלימלעך האָבן ווי אויפגעלעבט אינעם וויברירנדיקן אָטעם פונעם פרימאָרגן. אַ לײַכט ווינטל האָט באַוועגט די שוין נאַקעט־געוועזענע פּלאַנצן אינעם שיטער געוואָרענעם גאָרטן. די זשאַבעס האָבן מיט זייער גרילציקן קוואַקען נאָכגעהאַלטן דאָס געזאַנג פון די פייגל.

רעב אווראָם האָט אונטערגעאײַלט דעם פּעאָן און די יִנגלעך. די יִנגלעך זײַנען אוועק אַנזאָטלען די פערד און דער פּעאָן איז אַרײַנגע־גאַנגען אין שטאַל.

רעב אווראָם האָט אים אָנגעזאָגט:

— שפּאַנט אײַן דעם „מאַנסאָ" און דעם „גאַרדאָ" *).

*) נעמען פון אָקסן: דער שטילער און דער דיקער.

דאן גאזשא האט א הייב געטאן מיט די אקסלען און האט גענומען מונטערן די אקסן, וואס אונטער זייערע פיס האט געטרישטשעט די צו־געפרוירענע צויע. ער האט זיך אנגעלענט אנעם פאלענקע און גענומען וויקלען א ציגאר. דערנאך האט ער זיך פארנומען מיט ווארפן דעם לאסא אף די אקסן, כאטש געווען זיינען זיי רויקע און דאס איז נישט נייטיק געווען.

אזא איז ער געווען דאן גאזשא. זיין פליים האט ער ארויסגעוויזן נאר באם עסן דעם אסאדא און טרינקען די מאטע. דער קאלאניסט האט דאס געוווּסט און איז אויך אריינגעגאנגען אין שטאל, קעדיי גיכער איינצושפאנען.

— אז מיר וועלן זיך נישט צואיילן, וועלן מיר נישט באוויזן צו מאכן קיין פיר געגג מיט דעם אקער.

פאמעלעך האט ער צוגעצויגן אן אקס צום פאלענקע און האט גע־נומען אנטאן אף אים דעם יארמא.

דער פעאן האט נישט געענטפערט.

— דעם נישט, דאן גאזשא. שפאנט איין דעם „מאנסא" און דעם „גארדא", ווארעם דער „טשיקא" *) האט געארבעט א גאנצע וואך און איז א ביסל קראנק.

— הערט, פאטראן; איך האב נישט ליב דעם „מאנסא", ער קריכט מיר אלעמאל ארויס פונעם קארב.

מיט זיין קנאפ ביסל ווערטער האט רעב אווראם אים געפרוּווט אי־בערצייגן; קעדיי וויכער צו מאכן זיינע ענערגישע רייד, האט ער גע־שמייכלט.

דאן גאזשא האט אים נישט געפאלגט און האט זיך געטאן זיינס.

דער קאלאניסט, שוין אן אויפגערעגטער, האט אים אפגעשטופט און האט פאר די הערנער צוגעצויגן דעם „מאנסא". באם פעאן האבן די שארפע ווילדע אויגן א בליץ געטאן. דאס האט געדויערט נישט מער ווי איין אויגנבליק. רעב אווראם האט דאס באמערקט ווען דער פויער האט שוין געהאלטן דאס מעסער ארויסגעצויגן פונעם שיידל; אפגע־שטויסן האט אים דער פויער מיט דעם יארמא, האט ווי א טיגער א שפרונג

*) קליינער.

געטאָן און מיט דער לינקער האַנט אים דאָס מעסער אַרײַנגעשטאָכן אין דער ברוסט.

דאָן גאַזשאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאַל גלײַך ער וואָלט גאָרנישט ניט געטאָן און האָט זיך פאַרלוירן צווישן די גערטענער, און ווען די יונגלעך זײַנען צוריקגעקומען פונעם פּאַשע־פּלאַץ, האָבן זיי דער־זען דעם פאָטער ליגן אַ טויטן צווישן די אָקסן. אויף די געשרייען און געוויינען זײַנען זיך שכיינים צונויפגעלאָפן און די ווײַבער האָבן אויס־געבראָכן אין אַ לאַנגן צעצויגענעם געיאָמער.

רעב אַווראָמען האָט מען אַרויסגעטראָגן פון שטאַל און אַוועקגע־לייגט אויף דער ערד אינמיטן שטוב. צוגעדעקט האָט מען אים מיט אַ לײַ־לעך. דאָס פּאַנעם איז בײַ אים צעקרומט געוואָרן מיט אַ ווייטיקלעכער גרימאַסע, די אויגן אָפן און אײַנגעפאַלן, די געדיכטע בלאָנדע באָרד האָט געציטערט אונטער די טריט פון די אַרײַן־ און אַרויסגייענדיקע. מיט זײַנע האָר, מיט זײַן באָרד, מיט דעם קיטל, האָט רעב אַווראָם אויס־געזען ווי „אונדזער האַר יעזוס קריסטוס", אַ באַוואַכטער פון די זקינים און הייליקע פרויען פון יערושאַלאַים...

# די סאָווע

יאַנקל איז פֿאַרבײַגעריטן אַף זײַן קלײנעם פֿערדל פֿאַרבײַ רײנערס שטוב און האָט געגריסט אַף קרעאַליש. די אַלטע האָט געענטפֿערט אין ייִדיש און די קלײנע האָט געפֿרעגט צי האָט ער נישט באַגעגנט אין וועג מוישען, וואָס איז נאָך גאַנץ פֿרי אַרויסגעריטן אויפֿזוכן דעם ווײַס־גע־פֿלעקטן.

— מוישען? — האָט דאָס ייִנגל איבערגעפֿרעגט. — אַפֿן ווײַסן איז ער אַרויסגעריטן?

— אַפֿן ווײַסן.

— אַפֿן וועג צו לאָס־מאַסקאַס?

— ניין, — האָט פּערל געענטפֿערט; — אַפֿן וועג צו סאַן־מיגעל.

— צו סאַן־מיגעל? — האָב איך אים נישט באַגעגנט.

די אַלטע האָט מיט אומרו אינעם קאָל זיך געקלאָגט:

— שוין באַלד נאַכט און מײַן זון איז אַרויס פֿון שטוב מיט אַ פּאָר מאַטעס בלויז; קיין רעוואָלווער האָט ער אויך נישט מיטגענומען...

— ס'וועט אים גאָרנישט ניט געשען, סעניאָראַ; מען קען דאָ אויס־פֿאָרן די גאַנצע געגנט און קײנעם נישט אָנטרעפֿן.

— פֿון דײַן מויל איז גאָטס אויערן — האָט צוגעגעבן די אַלטע כאַווע. — מען זאָגט, אַז נישט ווײַט פֿון אָרנשטײנס קאַמפּ דרייען זיך אַרום גאַזלאָנים.

דער געשפּרעך האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט יאַנקלס אַ באַרויִקנדיק וואָרט. געוואָלט האָט ער זיך אויספּײַנען פֿאַר פּערלען מיט זײַן רײַט־קונסט און האָט אויפֿגעהויקערט דאָס פֿערדל.

די זון האָט שוין גענידערט און דער האַרבסטיקער פֿאַרנאַכט האָט אײַנגעדרעמלט אין נעפּלדיקער פּוסטקייט. איבערן הימל האָבן זיך אויס־

געצויגן רויטלעכע פּאַסן. דער געלער קאָליר פון די גערטענער, דער בלייך־גרינער פון דער לאַנקע, אַז איבערגעשניטענע מיט דעם שמאָלן גרויען טײַכל, האָבן דער לאַנדשאַפט צוגעגעבן אַ מילדן טרויער ווי אין די אַלטע ייִדישע געזאַנגען, ווּ די פּאַסטעכער פירן אַהיים זייערע שלעפּ־ריקע סטאַדעס אונטער דעם קענאַאַנער הימל.

געטוקט האָבן זיך אין דער טונקלקייט די קאָלאָניסטישע הײַזלעך און אַף די דראָטן האָבן מיט לעבעדיקן אַפּגלאַנץ געפּלאַצט די לעצטע זון־שטראַלן.

— ס׳איז שוין שפּעט, טאַכטער מײַנע, און מוישע איז נאָך נישטאָ...

— נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, מאַמע; ס׳איז נישט דעם ערשטן מאָל. פאַראיאָרן, געדענקסטו, ערעוו פּייסעך, ווען ער איז געפאָרן מיטן וואָגן אין סאַן־גרעגאָריער וואַלד? אַהיימגעקומען איז ער מיט דעם האַלץ ערשט אַפן צווייטן טאָג.

— יאָ, איך געדענק; נאָר דעמאָלט האָט ער מיט זיך געהאַט אַ רע־וואָלווער, און דערצו איז באַלד לעבן סאַן־גרעגאָריאָ אַ קאָלאָניע...

אַ פײַנלעכער שטילשווײַגן איז אַנגעשטאַנען נאָך דעם געשפּרעך. גרילן און זשאַבעס האָבן מיט זייער גרילצן און קוואַקען געשטערט די רו פונעם זון־פאַרגאַנג. בא די ריטשקעס האָבן די טערא־פייגל געשריגן און פון דער נישט ווייטער אַלייע האָבן זיך דערטראָגן אומבאַשטימטע קלאַנגען.

אַ סאָווע איז אַריבערגעפלויגן דעם קאָראַל, האָט טרויעריק אַ קראַ־קע געטאָן און איז שטיין געבליבן אַף אַ סטויפּ.

— אַ מיִעסער פויגל — האָט די קליינע זיך אָנגערופן.

די סאָווע האָט ווידער אַ קראַקע געטאָן און האָט אַנגעקוקט די צוויי פרויען. אירע אויגן האָבן בא ביידן אַרויסגערופן דעם זעלביקן פאַרגעפיל.

— מען זאָגט אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימען.

— אַזוי זאָגט מען, נאָר איך גלייב ניט. וואָס ווייסן גויִים?

— זאָגט מען דאָך בא ייִדן, אַז אַ וואָראָנע זאָגט אָן טויט...

— אָ, דאָס איז עפּעס אַנדערש!

די סאָווע איז צוגעפלויגן קימאַט בא דער ערד ביז צום גאַנעק, האָט דאָרט אַ קראַקע געטאָן, ווידער זיך אַוועקגעזעצט אַפן סטויפּ און האָט די אויגן נישט אַראָפּגענומען פון די צוויי פרויען.

אינעם עק פונעם פאַרשאָטנטן וועג האָבן אָפּגעהילכט די טריט פון
אַ פערד. די קליינע האָט די אויגן איינגעשטאָכן, מיט די הענט איבער
זיי ווי אַ דעכעלע. זי האָט אַנטוישט די מוטער:

— ס'איז נישט קיין ווײַסער...

פון דער קעגנײַבערדיקער שורע הײַזער האָט דער ווינט צוגעבראַכט
דעם אָפּקלאַנג פון אַ געזאַנג, איינס פון יענע איינטאָניקע יאָמער־געזאַנ־
גען, וואָס די פאָלקס־זינגער באַקלאָגן מיט זיי, אין זייער פּאַשעטן לאַשן,
דעם כורבן יערושאָלאַיִם און ווענדן זיך צו די טעכטער פון ציאָן, דער
„פּרעכטיקער און איינציקער" זיי זאָלן וויינען דורך די נעכט און מיט
זייערע טרערן דערוועקן גאָטס ראַכמאָנעס. מעכאַניש האָט פּערל נאָכ־
געזונגען אין דער שטיל:

„וויינט און קלאָגט, איר ציאָנס טעכטער..."

דערנאָך האָט מען מיט אַ העכערן קאָל געזונגען דאָס פאָלקס־ליד
פון די שפּאַנישע יידן, וואָס דער לערער, דאָן דאַוויד בען אזאַן, האָט
די קינדער פון דער שול אויסגעלערנט:

„מיר האָבן פאַרלוירן ציאָן,

„מיר האָבן פאַרלוירן טאָלעדאָ.

„נישטאָ מער קיין טרייסט..."

אַף צו צעשטרײַען די מוטער, וואָס איז נאָך אַלץ אומרויִק געווען,
האָט דאָס מיידל ווײַטער געצויגן דעם פריִערדיקן שמועס:

— דו גלייבסט אין כאַלוימעס? אַנומלטן האָט אונדז די אַלטע
ראַכל דערציילט אַ כאַלעם, איז געווען אַ שרעק צו הערן.

די אַלטע, פון איר זײַט, האָט דערויף גענומען דערציילן אַ שרעק־
לעכע מײַסע.

אירע אַ געשוועסטערקינד, „שיין ווי די זון", איז אַ קאַלע געוואָרן
פאַר אַ שטעטלשן באָכער. אַ באַלעגאָלע איז ער געווען, זייער אַן אָרע־
מער, נאָר אַן אָרנטלעכער און אַן ערלעכער ייִד. האָט אים אָבער דאָס
מיידל נישט געוואָלט, ער האָט געהאַט אַ האָרב. די נאַכט פונעם קנאַס־
מאָל האָט די רעבעצן — אַן ערלעכע ייִדענע — געזען אַ וואָראָנע אין
כאַלעם.

דער כאָסן האָט פאַרקויפט אַ פערד און מיט דעם געלט האָט ער
געקויפט אַ סידער דער קאַלע אַ מאַטאָנע. צוויי טעג פאַר דער כאַסענע

איז געוואָרן אויס שידעך און אין אַ יאָר אַרום האָט דאָס מיידל כּאַסענע געהאַט פאַר אַן אַנדערן, אַ שטעטלשן גוויר.

די מײַסע האָט, קענטיק, איבערגעלאָזט אַ טיפן אײַנדרוק אויף דער אַלטער כּאַווע. איר פּאָנעם האָט זיך אינעם שאָטן אויסגעצויגן און דער־ציילט האָט זי די וווּנדערלעכע פּאַסירונג אין דער שטיל. דאָס מיידל האָט כּאַסענע געהאַט, נאָר קיין קינדער האָבן זיך בײַ איר נישט גע־האַלטן, איינס נאָכן אַנדערן זײַנען זיי איר געשטאָרבן, און פאַרטרויערט איז געבליבן איר שטוב. און דער ערשטער כּאָסן? ער, דער אָרנטלעכער מענטש, איז שוין אויך געהאַט געשטאָרבן. מען איז געגאַנגען צום ראָוו, האָט ער געזוכט נאָכקוקן אין די הייליקע ספאָרים און האָט אויסגע־פונען, אַז אַזאַ פאַל איז שוין איינמאָל געשען און ער האָט אַן אייצע געגעבן דעם ווײַבל זי זאָל אומקערן דעם געשטאָרבענעם זײַן סידער־דערמיט, האָט ער געזאָגט, וועט זי צוריקגעפינען איר רו און איר גליק.

— נעם דאָס סידער — האָט ער איר אָנגעזאָגט — אונטער דער רעכטער האַנט, נאָך מאָרגן בײַ דער נאַכט, און קער עס אים אום.

דאָס אומגליקלעכע ווײַבל האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. אַפן אַנ־דערן טאָג, ווי נאָר די לעוואָנע איז אַרויסגעקומען, האָט זי גענומען דאָס סידער אונטערן אָרעם און איז אַרויס פון דער שטוב. אַ דריבנער רעגן האָט איר געשמיסן אין פּאָנעם און זי האָט קוים געקענט שטעלן די פיס, אַפּגעשוואַכטע פון שרעק, אויף דעם צוגעפרוירענעם שניי. ווען זי איז שוין געווען הינטערן שטעטל, בײַ דער ראָגאַטקע, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרמאַטערטע, אַ פאַרכאַלעשטע, און זיך צוגעשפּאַרט צו אַ וואַנט. אַזוי שטייענדיק, האָט זי זיך פאַרטראַכט וועגן אירע גע־שטאָרבענע קינדער, וועגן איר ערשטן כּאָסן, וואָס איז איר די גאַנצע צײַט פון קאָפּ נישט אַרויס. פּאַמעלעכן האָט זי גענומען בלעטערן דאָס סידער, מיט די גרויסע, רויטע און געצאַצקעטע אויסיעס, ווי אין די אַלטע סידורים, אויסיעס, וואָס זי האָט ליב געהאַט קוקן אויף זיי אין די יאָנטויווים, ווען זי האָט געדאַוונט אין שול איינינעם מיט אַלע ווײַבער.

מיטאַמאָל איז איר פאַר די אויגן פינצטער געוואָרן, און ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי דערזען פאַר זיך דעם באַלעגאָלע, אַזאַ ווי ער איז געווען, מיט זײַן האַכנאָעדיקן און נעבעכדיקן פּאָנעם, מיט זײַן אויסגעקרומטער פּלייצע און זײַן האָרב...

— דאָס סידער איז דײַנס און איך קער עס דיר אום — האָט זי אים געזאָגט.

דער מעס, וואָס האָט געהאַט ערד אין די אויגן, האָט אויסגע־שטרעקט זײַן בייניקע האַנט און האָט גענומען דאָס סידער.

דאָס ווײַבל האָט זיך דערמאָנט וואָס דער ראָוו האָט איר אָנגעזאָגט און האָט נאָך אַ זאָג געטאָן צום מעס:

— גיי דיר אין דײַן רו און זײַ פאַר מיר אַ גוטער בעטער; איך וועל פאַר דיר גאָט בעטן דײַן נעשאָמע זאָל האָבן אַ טיקן.

פערל האָט אַ זיפץ געטאָן. די נאַכט איז צוגעפאַלן, אַ רויִקע און אַ לויטערע. אין דער ווײַט זײַנען גליווערעמלעך ווי קלײנינקע פונקען אומגעפלויגן און האָבן באַזעצט אינעם געמיט פון דער מאַמע מיט דער טאָכטער אַ מוירע פאַר מייסים, און דאָרט אַפן פאַלענקע, וווּ אַרום האָבן גערוט די בעהיימעס, האָט די סאָווע נישט אויפגעהערט קוקן אַף זיי מיט אירע שטײַפע און לויכטנדיקע מאַגנעט־אויגן.

אַ באַהאַלטענער געדאַנק האָט זיך פאַרקליבן צו דער קלײנער און זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— אָבער אַז דער גאַוטש דערציילט וועגן דעם פויגל אַזוינע זאַכן, איז עפשער...

די אַלטע כאַווע האָט אַ קוק געטאָן צום פאַלענקע, דערנאָך האָט זי איר בליק אײַנגעשטאָכן אינעם שוואַרצן גרונט פונעם וועג און, מיט אַ ציטער אינעם קאָל, קימאַט נישט צום הערן, האָט זי אַ מורמל געטאָן:

— עפשער, טאָכטער מײַנע...

אַ שאַרפע קעלט האָט דורכגעשווידערט פערלען און מיט אַ פאַר־קלעמטן האַלדז, פון דער אַנגסט, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו דער אַל־טער. אין דער רעגע האָט זי דערהערט דעם גאַלאָפּ פון אַ פערד אַפּהילכן. בײדע האָבן זיי זיך אײַנגעבויגן קעדיי בעסער צו הערן און זיך אײַנגע־קוקט אין דער פינצטערניש. געאָטעמט האָבן זיי האַסטיק און די מי־נוטן זײַנען איבער זייערע הערצער געקראָכן מיט בלײַענער פאַמעלעכ־דיקייט. די הינט אין קאָלאָניע האָבן געוואָיעט. דער גאַלאָפּ האָט זיך געהערט אַלץ שנעלער און דײַטלעכער און אַ רעגע שפּעטער האָבן זיי

דערזען דאָס ווײַסע פערד אין ווילדן געיעג. מוטער און טאַכטער זײַנען שטיין געבליבן אין הוילער שרעק און פון זייערע מײַלער האָט זיך אַ מוי־רעדיקער געשריי אַרויסגעריסן ווי אַ געוואָי. דאָס פערד איז שטיין גע־בליבן, אַ פאַרשוויצטער, באַם טויער, אַז דעם רײַטער, מיט דעם זאָטל אַ פאַרבלוטיקטן...

# קאַמאַטשאַס כאַסענע

זינט צוויי וואכן ווארטן די קאָלאָניסטן פון אַלע קאָלאָניעס אַף דער כאַסענע פון פּאַסקוואַל ליסקע, אַ זון פון דעם רײַכן ליסקע, וואָס וווינט אין עספּינדראַלאַ. צו דער סימכע גרייטן זיך, פאַרשטייט זיך, די אַנגעזעענסטע באַלעבאַטים. און אַ סימכע גרייט מען, ווי מען שמועסט, אַזאַ וואָס זינט די קאָלאָניע איז קאָלאָניע האָט מען נאָך אַזאַ נישט געזען. אין ראַכיל האָט מען שוין געוווּסט, אַז די מעכוטאָנים פון כאָסנס צאַד האָבן געקויפט אין ווילאַגוואַי אַכט גרויסע בוטלס ווײַן, אַ פעסל ביר און עטלעכע פלעשער מיט אַזאַ ראָזעווע קאַלטן געטראַנק. דערציילט האָט דאָס אונדז קעלנערס ייִדענע, וואָס האָט זיי אַליין געזען אײַנעם מיט דעם ווײַן, ווען ליסקעס פּעאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באַלוואַנערא בײַטן דעם דישל אינעם וואָגן, וואָס האָט זיך אים צעבראָכן ווען ער איז שוין געווען נישט ווײַט פון דער דאַמבע.

— אַ ראָזעווע מאַשקע, — האָט זי פאַרזיכערט דער שויכעטקע, וואָס האָט אַף איר געקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, ווי זי וואָלט איר נישט געגלייבט, — מיט לאַקענע שטעמפּלען אַף די העלדזלעך...

ווערדליק זײַן גווירעשאַפט, וואָס אַז עמעס, מעג זיך דער אַלטער ליסקע פאַרגינען אַזאַ אויסבערענגערײַ. אַכוץ דעם קאַמפּ און די אָקסן, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט אים געגעבן, האָט ער נאָך קי און פערד. דער פּאַראַיאַריקער ליאַן האָט אים אַרײַנגעבראַכט טויזנטער פּעזאָס, און ער מעג דערום כאַסענע מאַכן זײַן זון אַזוי רײַך. די קאַלע האָט דאָס אויך די ווערט. ראַכל, ווייסט מען, איז פון די שענסטע מיידלעך אין קאָלאָניע. זי איז אַ הויכע, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר. אַזוי געדיכט און בלאָנד זײַנען אירע האָר, אַז ס'ע דאַכט זיך זי נעצט זיי שטענדיק. און אויגן האָט זי אַזוינע בלויע, אַז זיי קענען יעדן איינעם דעם קאָפּ פאַר־

דרייען. אַ שטאַלטנע איז זי און אַ קרעפטיקע און די קליבעם שפּאָרן איר פונעם קורצן סאַראַזאַנענעם קליידל. עס פּאַסט איר דאָס קליין ביסל שעמעוודיקייט און איר שטענדיק אומצופרידענע מינע. אַ סך יונגע לײַט האָבן שוין געפּרוּווט פאַרפירן מיט איר אַ ליבע, פונעם שרײַבער אין דער אַדמיניסטראַציע ביז די וויזשאַגווײַער באַכערים, נאָר קיינער האָט זיך נישט געקענט באַרימען מיט אַ פּרײַנטלעכן ענטפער פון איר זײַט. פּאַסקוואַל ליסקע האָט אַרויסגעוויזן מער אויסדויער ווי אַנדערע, נאָר געגליקט האָט עס אים פון אַנהייב ווייניקער ווי אַנדערע, כאָטש ער איז ניט אָפּגעשטאַנען און האָט געשאַטן מיט מאַטאַנעס. ראַכל האָט אים נישט געוואָלט. לעבן אים האָט זי זיך געפילט אומעטיק, וואָרעם גע־רעדט האָט ער מיט איר נאָר פון פאַרזיי, פונעם פּי און פונעם שניט. גאָר אַז אַנדערער, פאַרקערט, איז געווען דער באַכער פון סאַן־גרעגאָריאָ, וואָס פלעגט צו איר אַרײַנקומען און האָט געקענט אַזוי גוט טאַנצן. מאַ־טע־מאַמע האָבן איר געצווונגען נעמען פּאַסקוואַלן און מען האָט אָפּ־געשמועסט די כאַסענע.

לעבן דער דאַמבע, נישט ווײַט פון עספּינדראַלאַ, זײַנען זיך צונויפ־געפאָרן די פאַרבעטענע מישפּאָכעס. וועגענער פול באַזעצט מיט ווײַבער און מיט מענער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורע לענגויס דעם וועג. געווען איז עס פאַרנאַכט אין אַ פרילינגדיקן טאָג, און דאָס פעלד האָט געבליט, אַ פאַרגאַסנס מיט זון. באַכערים האָבן אַרומגעהאַצקעט אויף די פערד לעבן די וועגענער, האָבן געוואָרפן קאָמפּלימענטן די מייד־לעך ווען די מאַמעס האָבן זיך פאַרקוקט און געוויזן בעריעשקייט אויף די פערד קעדיי זיך פאַר זיי אויסצופײַנען, זיי אויפגעהויקערט די רוקנס אָדער אָפּן קאָל זיך איבערגערופן וועגן אַ קורצן פאַרוועט.

ווי ניט ווי האָבן יונגע שטימען געזונגען ייִדישע און רוסישע לי־דער. אין דעם טומלדיקן קאַראַוואַן האָבן זיך געמישט לעשוינעס פון ווײַטע לענדער און היגע געזאַנגען, וואָס זייערע ווערטער האָבן ניט אַלע פאַרשטאַנען.

מען איז אַרײַן אין קאַלאָניע. דער אויפמאַרש פון די פול־באַזעצטע וועגענער, געשפּאַנט מיט שווערע פאָרן אָקסן, האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון פּראָצעסיע און פון פאַרצײַטישקייט.

די וועגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן פאַרשיידענע הײַזער און

אַ ביסל שפּעטער, ווען די געסט זײַנען שוין געווען אָנגעטאָן, איז מען געגאַנגען זען די כופּע. די יעדיעס וואָס זײַנען אומגעגאַנגען וועגן דעם ווי אומגעווײנלעך רײַך די כאַסענע וועט זײַן, זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען נישט קײן גוזמאָעס. פאַר ליסקעס שטוב האָט מען אַף סלופּעס אויפגעצויגן אַ גרויסן בריזענט, אינעווייניק באַפּוצט מיט פּאַפּירענע לאַמטערנס, מיט גרינע צווײַגן און בלומען אַף די איבערגעלייגטע ברעטער. אויסגעשטעלט האָט מען לאַנגע טישן און אַף די ווײַסע טישטעכער מיט צוגעדעקטע שיסלען האָבן געזשומעט די פליגן. עס האָט געווימלט מיט מענטשן. דער אַלטער ליסקע, מיט זײַן ליסטרינענער קאַפּאָטע, אַן אָנדענק נאָך פון די גוטע יאָרן אין בעסאַראַביע, האָט אַפן האַלדז געטראָגן אַ געלע זײַדענע פאַטשײלע מיט בלויע פּאַסן. מיט די הענט אין די קעשענעס, איז ער אומגעגאַנגען פון איין עק טיש צום צווייטן און האָט זיך באַמיט צו זײַן פרײַנטלעך מיט יעדן איינעם און אַליין זיך געהאַלטן מיט כשיוועס. שטילערהייט, ווי קלוימערשט אַ נישט־וויכטיקע זאַך, האָט ער געזאָגט וויפל די כאַסענע קאָסט אים און, אַף צו באַרעכטיקן אַזאַ פאַרשווענדערישקייט, האָט ער צוגעגעבן:

— נאָך אַלעמען, איז ער בײַ מיר איין און אײנציקער, אַ בענ־יאָכיד...

דאָס וואָרט בעניאָכיד איז גענוג געווען מען זאָל פאַרשטײן פאַרוואָס דער גראָבער פּאַסקוואַל באַקומט אַזאַ אומגעווײנלעך רײַכע כאַסענע. גערופן האָט מען אים בעניאָכיד אין דער גאַנצער קאָלאָניע, ווי ער איז געווען אַ בײַשפּיל פון אַ נישט אַרומגעטעסעטן.

די מוטער האָט געטראָגן אַ ברייטן געבלימטן כאַלאַט און אַפן קאָפּ אַ גרין טיכל, וואָס איז איר אַראָפּגעהאַנגען אַפן רוקן מיט אַ ברייטן דרײַעק. אַ רירעוודיקע, מיט איר גאַנצער פעסלדיקייט, איז זי אַרומגעגאַנגען די טישן און האָט באַדינט דעם עולם, וואָס דאָס גופע איז געווען דער ספּעקטאַקל פון דער סימכע. נישט ווײַט פונעם גאַניק האָט אַף אַ פײַער געזאָטן אַ גרויסער קעסל מיט הינער, און געבראָטענע גענדז האָבן אַראָפּגעהאַנגען אינעם שאָטן און עס האָט פון זיי גערונען די שמאַלץ. ווײַטער נאָך, האָבן זיך אין פּאָלומיסקעס אָפּגעקילט די טראַדיציאָנעלע און כאַשעווע פיש. נאָר ניט דער קעסל מיט הינער, ניט די געבראָטענע גענדז, ניט די געפילטע פיש און אויך ניט די זײַטלעך קעל־

בערנס, וואָס די פּעאָנעס האָבן געגרייט, האָבן אַזוי פאַרכאַפּט דעם אוי־לעם ווי די בוטלס וויַין, דאָס בײַכיקע פּעסל ביר און דעריקער די קאַלטע געטראַנקען, וואָס אין זייער ראַזעווער פאַרב האָט זיך די זון געשפּיגלט. דאָרט איז מיט אַן עמעסן געווען, ווי מען האָט געזאָגט אין ראַכיל, פּלע־שער קאַלטער געטראַנק פון רויזן־קאָליר מיט שטעמפּלען אַף די העלדזלעך.

די קלעזמער, אַ האַרמאָניק און אַ גיטאַרע, האָבן געבראַכט ייִדישע פאָלקס־טענץ און דער אוילעם האָט מיטגעזונגען.

אין שכייניש הויז האָט די קאַלע געוואַרט אַף דער כופּע. אירע כאַווערטעס האָבן געהאַלטן אין אָנטאָן איר דאָס כופּע־קלייד און, פון אַפּטן צורעכטמאַכן דאָס קרענצל מאַראַנצן־צוויט, איז עס שוין שוואַרץ געווען. ראַכל איז געזעסן אַן אומעטיקע. אומזיסט האָבן די מיידלעך גע־רעדט וועגן דעם גליק וואָס איר האָט געטראָפן, אַז אַזאַ שידעך ווי פּאַס־קוואַל טרעפט זעלטן. געזעסן איז זי שטום ווי אַ שטיין און האָט דערויף בלויז ווען ניט ווען אַ כליפּע געטאָן. איר שטענדיקע צוריקגעהאַלטנקייט איז אַריבער אין אַ טיפן טרויער, האָט פאַרכמאַרעט איר שטערן, פאַר־כמאַרעט די אויגן, אירע גרויסע, אירע ליכטיקע אויגן.

עמעצער האָט איר צו וויסן געגעבן, אַז מיט די געסט, וואָס זיַינען אָנגעקומען פון סאַן־גרעגאָריאָ, איז אויך געקומען גאַוורי֗על. דערהערט האָט די קאַלע דעם נאָמען און איז נאָך טרויעריקער געוואָרן, און ווען זי האָט אָנגעטאָן דעם שלייער, זיַינען איר צוויי גרויסע טרערן אַראָפּגע־פאַלן אַף איר אַטלעסענעם קאָרסאַזש.

פאַר קיינעם איז קיין סאָד נישט געווען איבער וואָס זי איז פאַר־זאָרגט און פאַרוואָס זי וויינט. מען האָט געוווּסט, אַז ראַכל מיט גאַוו־רי֗על האָבן זיך דאָס וואָרט געגעבן נאָך מיט כאַדאָשים צוריק, און יאַנקל, וואָס האָט געוווּסט פון אַלעמענס סוידעס, האָט דערציילט, אַז ער האָט זיי געטראָפן ערעוו יאַנקיפּער זיך קושן הינטער אַ בוים...

אַריַינגעקומען איז פּאַסקוואַלס מוטער און, ווי דער שטייגער איז, האָט זי זיך צעקושט מיט דער קאַלע. מיט אַ קוויטשיקן קאָל האָט זי צו וויסן געגעבן, אַז מען דאַרף שוין גיין צו דער כופּע.

ראַכל האָט נישט געענטפערט. זי האָט זיך אויפגעהויבן פּאַמעלעכן, ווי אַ קראַנקע, און אויסגעשטעלט האָט זיך דער קאָרטעזש כאַווערטעס, איר אונטערהאַלטנדיק סטאַטעטשנע און מיט כשיוועס דעם שלעפּ פון

איר קלייד, וואָס איז באַזוימט געווען מיט שפּיצן. אַרײַנגעקומען איז דער צוקונפטיקער שווער, וואָס האָט באַדאַרפט געבן כאַסן־קאַלע זײַן בראָכע, און דער קאַרטעזש האָט געריקט.

בײַ ליסקען איז שטוב האָט געווימלט מיט מענטשן אַרום די טישן. פּאַסקוואַל, מיט זײַנע באַווײַזן אַרום אים און מיט דער קאַלעס פּאַטער, האָט געוואַרט, אין שוואַרצן אָנגעטאָן, אויף דער קאַלע. אין דרויסן האָט מען גענומען פּאַטשן אין די הענט און די צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן. פאַרלעך יינגלעך און מיידלעך האָבן צוגעהאַלטן די שטאַנגען מיט דעם אויסגעהעפטן טוך, און אונטערן טוך איז שטיין געבליבן דער כאַסן. און באַלד זײַנען אונטערגעקומען די אונטערפירער מיט דער קאַלע. רעב ניסן האָט גענומען אויסזינגען די בראָכעס, דערנאָך האָט ער דערלאַנגט כאַסן־קאַלע דעם קאָס מיט ווײַן און מען האָט זיך גענומען אַרומדרייען מיט דער קאַלע זיבן מאָל אַרום דעם כאָסן מיט זײַנע אונטערפירער. ווען מען האָט פאַרענדיקט דאָס אַרומדרייען, האָט אַן אַלטע ייִדענע אָנגעמערקט, אַז מען האָט זיך אַרומגעדרייט נישט מער ווי זעקס מאָל און מען דאַרף זיך נאָך איין מאָל אַרומדרייען. דער מעסאַדער־קידושן האָט איבערגעלייענט די קסובע, קעדאָס מוישע וועיִסראָעל, און האָט ווידער באַזונגען דאָס יונגע פּאָרל. פאַרענדיקט האָט זיך די צערעמאָניע מיט דעם סימבאָלישן צעברעכן דאָס גלעזל. איינער פון די אַלטע לײַט האָט דאָס גלעזל אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און פּאַסקוואַל האָט דערויף אָנגעטראָטן מיט אַזאַ קויעך, אַז ער האָט געקענט אַ שטיין שפּאַלטן.

דער אוילעם האָט זיך אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו. די כאַווערטעס האָבן זיך געכאַפּט קושן און האַלדזן ראָכלען און זי האָט שווײַגנדיקערהייט זיך געלאָזט אַרומנעמען. די געסט האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום דעם לענגסטן טיש און גענומען טרינקען לעכײַעם.

דער אַלטער ליסקע האָט געבעטן מען זאָל אַביסל טאַנצן פאַר דער וועטשערע און ער אַליין האָט די טענץ אָנגעהויבן מיט אַ ייִדישן „פריילעכס" אונטער דער מוזיק פון דער האַרמאָניק מיט דער גיטאַרע. אויבנאָן בײַם טיש האָט די יונגע פּאָר געקוקט אויף דעם געטומל און האָט צווישן זיך אַ וואָרט ניט אויסגערעדט, און קעגנזײַבער זיי, האָט זיך געהויבן גאַוורילס געשטרעקטע און בלייכע געשטאַלט. דער אוילעם האָט גענומען

שרייַען כאָסן־קאַלע זאָלן גייִן טאַנצן. פּאַסקוואַל האָט געמאַכט אַ קרומע מינע. ער קען ניט טאַנצן.

אַלע האָבן געוואַרט. מיטאַמאָל האָט גאַוורילע אויסגעשטרעקט זייַן האַנט דער קאַלע. די האַרמאָניק מיט דער גיטאַרע האָבן אָפּגעמאָלט אַ פּאַלקע, די שטענדיקע פּאַלקע פון די יידישע קאַלאָניעס. גאַוורילע האָט זיך געפּלייַסט און האָט באַוויזן זייַן קונסט. עפּעס האָט ער אַ זאָג געטאָן ראַכלען און זי האָט אַף אים אַ קוק געגעבן מיט שטויִנען און איז נאָך בלייכער געוואָרן. טייל זייַנען אַוועק אָן אַ זייַט און זיך געסוויִדעט. רעב יסראָעל קעלנער האָט אָפּן זיך אָנגערופן צום ראָש־פּינער שויכעט:

— גאַוורילע האָט דאָס נישט באַדאַרפט טאָן; מען ווייס, אַז ער איז פאַרליבט אין ראַכלען און מען ווייס אויך, אַז זי קען איר כאָסן נישט אָנקוקן.

דער שויכעט האָט זיך צעקעמט די באָרד און מיט אַ שמייכל גע־ענטפערט:

— איך בין נישט קיינעמס מיליץ־יוישער; איך האַלט פון ליסקען, ער איז אַן ערלעכער ייִד, נאָר פּאַסקוואַל איז אַ בעהיימע. איר האָט גע־הערט ווי ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט באַם נאָכזאָגן דעם „האַרע אַט" אונטער דער כופּע? גלייבט מיר, רעב יסראָעל, ס'איז מיר אַ ראַכמאָ־נעס אַף דעם מיידל, אַ שיין אָרנטלעך מיידל...

יאַנקל, דעם שויכעטס יונגער פעאָן, האָט אָפּגערופן אָן אַ זייַט ריווי־קען און האָט איר געזאָגט אין קרעאָלישן לאָשן, וואָרעם געווען איז ער אין קאַלאָניע מער קרעאָל פון אַלעמען, ווי מען האָט דאָס געקענט זען פון זייַנע ברינענע באָמבאַטשאָס און פון זייַנע בלייַערס:

— ועסט זען, נעגריטאַ, דאָ וועט עפּעס געשען...

ריווקע האָט נייַגיריק אַ פרעג געטאָן:

— אַ געשלעג?

— אָט דאָס וואָס דו הערסט. הייַנט אינדערפרי, ווען איך בין גע־ווען אין סאַן־גרעגאָריאָ, האָט מיך גאַוורילע געפרעגט צי איך וועל קומען אַף דער כאַסענע מיט מייַן באָזשאָ. איך האָב אים געזאָגט, אַז מיט דעם באָזשאָ, און ער האָט אים באַ מיר געבעטן אַף דערנאָך...

ריווקע האָט איבערגעפרעגט:

— אף א געיעג? האסט דיך פארוועט מיט גאוורזעלן? וואס מע־נער זיינען! און געזאגט האסטו, אז ער איז אויסער זיך פון פארדראס.

— טאקע נאר געוועטן ליגן אים אין זינען...

צוגעפאלן איז די נאכט. אנגעצונדן האט מען די לאמטערנדלעך און א סאד פון די געסט האבן אפגעטראטן א ביסל קעדיי צו קוקן פון דער וויטנס אף דער אילומינאציע. — וואס א גוויר קען איינפאלן! — גע־זען האט מען עס נאר ווען דער פאלקאווניק גאלדשמיט איז געקומען אין קאלאניע, געשיקט פון דער זשעוויש...

גענומען האט מען זיך צו דער אומבאשרייבלעכער וועטשערע. מע־נער און פרויען האבן זיך אויסגעזעצט. כאסן־קאלע האט מען דערלאנגט די „גילדערנע יויך". פאלומיסקעס פיש און אף זיינען אומגעגאנגען אי־בער די טישן, געגאסן האט זיך דער וויין און אויך אלעמענס לויב דער באלעבאסטע.

— זינט איך לעב האב איך נאך אזוינע געשמאקע פיש נישט גע־געסן.

— ווו האט איר נאך געזען אזא געבראטן גענדזל? — האט דער שויכעט געפרעגט.

רעב מוישע ארנשטיין האט צו יענעמס לויב צוגעגעבן:

— קיינער קען ניט אזוי קאכן ווי די ליסקעבע, איר פארזוכט אירן א מייכל, דערקענט איר באלד, אז איר האט צו טאן מיט באלעבאטישע מענטשן...

דערנאך האט מען דערלאנגט פראקעס (פלייש מיט רייז געוויקלט אין וויינבלעטער), און ביר און וויין האבן דערפרייט די געמיטער.

די קאלע האט זיך אויפגעהויבן, „ווייל זי וויל זיך איבערטאן", און איז ארויסגעגאנגען מיט אירע כאווערטעס און מיט איר שוויגער.

יאנקל האט פארהאלטן פאסקוואלס מוטער ווען זי איז אים פאר־ביי־געגאנגען:

— זעצט זיך צו, סעניארא, וועט איר הערן ווי מען לויבט אייערע מייכאלים. מירן באַרויִגעז ווערן טאמער וועט איר אוועקגיין. מיר ווילן זיך מיט אייך א ביסל מעסאמייעד זיין.

— לאז מיך גייז, זונעלע, איך דארף צוהעלפן דער קאלע.

— ריווקע וועט איר שוין צוהעלפן; איר זעצט אייך צו, — אין

דערביַי האָט ער אַ רוף געטאָן: — ריווקע, גיי העלף דער קאַלע!

די אַלטע האָט זיך אָוועקגעזעצט, פון אַלעמען אַ געזעגענעט, און יאַנקל האָט איר צוגעטראָגן אַ גלאָז וויַין, זי זאָל מיט אים טרינקען לעכייִעם.

דער שוויכער האָט זיך אָנגערופן: — אַז מען האָט אַזאַ זון, סע־ניאָרא, דאַרף מען זיַין פריילעך.

דער געקלימפּער פון די גלעזער, דאָס שפּילן און דאָס זינגען, האָט טומלדיק אָפּגעהילכט אין דער נאַכט. דער הימל איז געווען אַן אויסגע־שטערנטער און די לופט אַ שמעקעדיקע, אָנגעזאַפּט מיט האָפּן און מיט היי. די בעהיימעס האָבן געמעקעט אָפן פּאַשע־פּלאַץ און אַ ווינטל האָט געהוידעט די לאַמטערנדלעך.

— איכל גיין אַ קוק טאָן אויף מיַין באַזשאַ; כ'האָב אים, דאַכט מיר, פאַרגעסן אויסצוזאַטלען.

— איך גיי געבן אַ טרונק מיַין געפּלעקטן — האָט גאָוורי̤על זיך אָנגערופן און האָט זיך אויך אויפגעהויבן.

ווען זיי זיַינען שוין געווען אָפּגעטראָטן עטלעכע שפּאַן פונעם באַ־לאַגאַן, האָט יאַנקל אָנגענומען גאָוורי̤עלן פאַרן אָרעם:

— הער אוים: דער באַזשאַ שטייט אָן אָנגעזאַטלטער בא דער פּערטקע. איך האָב זי אָפן געלאָזט, און דעם אַקסנטרייַבערס זון גיט אויף אים אַכטונג. באַם אַרויסגאַנג שטייט אַן איַינגעשפּאַנטע סולקי, אונטער דער האַשגאַכע פונעם קרומען... זאָג מיר, האָסט אַ רעוואָלווער?

זיי זיַינען אָפּגעטראָטן איינער פונעם צווייטן; גאָוורי̤על האָט זיך אויסגעדרייט צו יאַנקלען:

— און מיט די מיידלעך, וואָס זיַינען דאָרט מיט ראָכלען, וואָס וועט זי טאָן?

— דאָס איז אַ קלייניקייט; ריווקע איז דאָרט...

די מיידלעך זיַינען צוריקגעקומען. די ליסקעכע האָט זיי געפרעגט אויף דער קאַלע.

— זי קומט באַלד אַריַין מיט דער ריווקען — האָבן זיי איר גע־ענטפערט, און ריווקע איז צוריקגעקומען מיט אַ צווייטן טערעץ. יאַנקל האָט ווידער געטרונקען לעכייִעם מיט דער אַלטער. אַלעמען האָט זיך גע־

וואַלט נאָכטאָן יאַנקלען און מען האָט אַנגעקלאַפּט די גלעזער און גע־מורמלט ווינטשעוואַניעס. די קלעזמער האָבן וויַיטער געשפּילט און דער אוילעם האָט וויַיטער געגעסן. מען האָט אַלע וויַילע אַריַינגעבראַכט פולע פּאַלומיסקעס און בוטלען וויַין. פּאַסקוואַל, אַ קיַילעכדיקער, אָן אויפגע־ראַמטער, האָט דאָס מויל נישט געעפנט און בלויז אומרויִק געקוקט אַף דער קאַלעס לײדיק געבליבענעם שטול. אַפגעהילכט האָט צוערשט דער גאַלאָפּ פון אַ פערד און באַלד דערנאָך דער גערויש פון אַן אַוועקגעפאָ־רענער סולקי...

יאַנקל האָט אַ פרעג געטאָן ריוועקען אַפן אויער:

— שוין לאַנג?

— ווען איך בין צוריקגעקומען. — האָט דאָס מײדל געענטפערט.

דער קאַלעס פעלן האָט אומרויִק געמאַכט די שוויגער און, קײנעם אַ וואָרט נישט זאָגנדיק, איז זי אַריַינגעגאַנגען אין שטוב און איז באַלד אַרויסגעקומען:

— ריווקע, האָסט נישט געזען ראַכלען?

— איך האָב זי דאָרטן געלאָזט, סעניאָראַ, זי איז נישטאָ?

— ניין, נישטאָ.

— אַ מאָדנע זאַך...

גערעדט האָט דער אַלטער ליסקע און גערעדט האָט פּאַסקוואַל.

די געסט האָבן געמורמלט. עפּעס האָבן זײ כוישעד געווען, האָבן געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז עפּעס איז געשען. מיטאַמאָל זיַינען די האַרמאָ־ניק מיט דער גיטאַרע אַנטשוויגן געוואָרן. די געסט האָבן זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון די ערטער און ניט אומגעקוקט זיך אַף די גלעזער וויַין, וואָס זײ האָבן דערבײַ איבערגעקערט אַף די טישטעכער. אַנדערע האָבן גענומען זוכן אַרום דער שטוב.

— ווו האָט געקענט אַהינקומען די קאַלע? — האָט מען זיך גע־פרעגט.

דער ראַכילער שויכעט האָט געפרעגט בײַ דעם קאַרמעלער ווי איז דער דין, אַז די קאַלע איז אַנטלאָפן.

— אַזוי רעכנט איר?

— אַלץ איז מעגלעך.

— איך האַלט — האָט ער געענטפערט — אַז עס קומט זיי אַ געט; ביידע זאָלן זיי בלייַבן פרייַ. אַזוי פירט זיך.

די אַנגסט איז אַלץ גרעסער געוואָרן. ליסקע האָט אָפּגעשטעלט דעם אַקסנטרייַבערס זון:

— האָסט נישט געזען „עמעצן" אָפּן וועג?

— אַהינצוצו, אָפּן וועג צו סאַן־גרעגאָריאָ האָב איך געזען אַ סולקי־לויפן. אַנגעטריבן האָט גאַוורינעל, און בּאַ דער זייַט אַ מיידל.

— ער האָט זי אַרויסגעגאַנוועט! — האָט די אַלטע אַ געשריי געטאָן און האָט פאַרבראָכן מיט די הענט.

געשריי פון שטוינען האָט זיך געהערט פון אַלע זייַטן און ליסקע איז אַנגעפאַלן אַף ראַכלס פאָטער און אים גענומען זידלען. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט האָט מען זיך געכאַפּט שלאָגן צווישן די צעברויזטע געסט. מען האָט אומגעוואָרפן די טישן. דער ראַבּילער שויכעט איז אַרויף אַף אַ שטול און געהאַלטן אַ רעדע פאַרן אויפגערעגטן עולם. ס'איז אַן אומגליק, גאָטס שטראָף, נאָר מיט געשלעג און מיט געשריי קען מען דערצו נישט העלפן.

— אַ כצופע איז זי, אַ מופקערעס! — האָט געריטשעט דער אַלטער ליסקע.

— זי איז נישט קיין מופקערעס — האָט דער שויכעט אויסגערופן. — זי וואָלט עס געווען ווען זי פאַרלאָזט איר מאַן „כאָטש איין טאָג נאָך דער כופּע", ווי דער בעפּיירעשער דין איז. ס'איז אַזוי באַשערט געווען, זאָג איך, און מען דאַרף זיי געטן. פּאַסקוואַל איז טאַקע אַ וויילער און אַ פייַנער יונגערמאַן, נאָר אַז זי וויל אים נית, קען מען זי מיט גוואַלד נישט צווינגען זי זאָל מיט אים ווינען אונטער איין דאַך.

דער שויכעט האָט אַרויסגעוויזן זייַן רעדנער־קונסט און זייַן קענטעניש און האָט געבראַכט רייַעס פון ענלעכע פאַלן, וואָס די גרעסטע ראַבּאָנים האָבן פּאַרגעזען. אין ירושאַלאַיִם, די הייליקע שטאָט, איז זיך פונקט אַזוינס פאַרלאָפן און רעב הילעל האָט געפּאַסקנט לעטוויועס דער בסולע.

צוגעגעבן האָט ער:

— פּאַסקוואַל, אינעם נאָמען פון אונדזערע דינים, הייס איך דיר

גיבן ראַכלען אַ געט און דאָ גופע זאָלסטו זאָגן ביפניי קאָל אם וועאיידע, אַז דו ביסט דערצו מאַסקים.

פּאַסקוואַל האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און מיט אַ געבראָכן קאָל האָט ער מאַסקים געווען צום שויכעטס פאָרשלאָג.

דער טומל האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט און די געסט זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט געמורמל און אײַנגעהאַלטענעם געלעכטער יעדער איינער אַף זײַן אַכסאַניע.

* * *

ווי דו זעסט, „נישט פאַרנומענער לייענער", זײַנען אין דער ייִדישער קאָלאָניע, ווו איך האָב ליב באַקומען דעם אַרגענטינישן הימל און מײַן זעל האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט דעם גײַסט פון דער ערד, פאַראַן זײַט בײַ זײַט מיט דעם אַלטמאָדישן ראָוו, אויך כוצפּעדיקע און ווילדע גאַוטשן, קאַמאַטשאָס, קיטעריאָס און באַסיליאָס. דאָס באַווײַזט, אַז די געשיכטע וואָס ווערט דאָ דערציילט ניט אַזוי קונסטפול ווי פינקטלעך, איז אַ וואָרע, ווי וואָר עס איז די געשיכטע מיט קאַמאַטשאָ דעם רײַכן. זאָל איך שטאַרבן דאָ אַפן אָרט, אויב איך האָב עפּעס אין דער וווּנדערלעכער מײַסע אויסגעטראַכט. איך וואָלט זי אַוואַדע געוואָלט באַפּוצן מיט קופּלעטן, ווי יענע דאָרט אינעם וווּנדערלעכן בוך, נאָר גאָט האָט מיר נישט באַווויליקט דעם טאַלאַנט. איך דאָ גיב דיר דעם נאַקעטן עמעס דערפון וואָס איך דערצייל און אויב דו ווילסט קופּלעטן, שטעל זיי דיר דו אַרײַן אַזוי כיינעוודיק ווי דו קענסט, נאָר פאַרגעס ניט דערבײַ מײַן נאָמען, ווי עס האָט נישט פאַרגעסן אונדזער האַר דאָן מיגעל דע סערוואַנטעס סאַאַוועדראַ דעם נאָמען פון סידע האַמעטע בענענכעלי. אויב אָט די פינקטלעכע געשיכטע געפעלט דיר, שיק מיר ניט קיין פרוטעס, וואָס זאָלן מיר נישט קלעקן אַף ברויט מיט וואַסער. שיק מיר אַרײַן גאָלדענע דראַכמעס, אַז ניט איז אויך רעכט אַ לאָגל יערושאָלאַימער ווײַן, ווײַן פון יענע ווײַנגערטענער, וואָס געפלאַנצט האָבן מײַנע אָוועס און דערבײַ געזונגען אַ לויב דעם גאָט יעהאָוואַ לעקאָוועד. זאָל ער דיר געבן גליק און געזונט, און איך בעט עס בײַ אים אויך פאַר מײַנעטוועגן.

# דער וויזיט

דאַן עסטאַניסלאַאָ בעניטעזעס גוט איז געווען נאָנט פֿון דער קאַלאָניע ראַכיל. נאָך דער לאַנקע צו דער זײַט פֿון דער באַן־סטאַנציע לאַס מאַסקאַס, האָט זיך געצויגן זײַן קאַמף דורכגעשניטן מיט טײַכלעך און אויסגעפֿלעקט מיט שטעכיקע דיסטל. אױפֿן העכסטן אָרט האָט אַ שיטערע אַלייע באַשאָטנט אַ שטעטעל ערד, וווּ אין דער מיט איז געשטאַנען דאָס שטאַמיקע הויז פֿון דעם אַלטן קרעאָל, פֿון די עלטסטע קרעאָלן אין דער געגנט, אַ גוטער פֿרײַנט פֿון אורקיזאַ און אַ גוטער־ברודער מיט דאָן קריספּין.

געווען איז דאָן עסטאַניסלאַאָ איינער פֿון די באַזונדערס טיפּישע געשטאַלטן אין דער קאָלאָניע. העראָישע לעגענדעס האָבן געריטמט זײַן געוואַגטקייט, און ווי זײַן שפּיז איז געווען פֿון די בראַווסטע אין די אַמאָליקע בלוטיקע צוזאַמענשטויסן, אַזוי איז ער אױף דער עלטער פֿאַרבליבן דער אומדערשראָקנסטער אױף די מאַנעזשן, באַם צוימען פֿערד און אַרײַנפֿירן סטאַדעס. ווי דאָן רעמיכיאָ קאַלאַמאַקאַ, דער באַרימטער אַקסנטרײַבער פֿון ראַכיל, איז דאָן עסטאַניסלאַאָ געווען אַדעליק און מוטיק. מיט צוויי גרויסע דערינערונגען האָט שטאָלצירט זײַן ניאַנדובײַ־קרעפּטיקע עלטער. באַ די מעסיבעס אַרום פֿײַער, אונטערן פֿאַדאַשעק, וווּ ער פֿלעגט זיך מישפּאָכעדיק אונטערהאַלטן מיט זײַנע זין, פֿלעגט ער שטענדיק דערציילן וועגן זײַן לעבן אַלס זעלנער באַ אורקיזאַן.

— ווען דאָן באַרטאָלאָ *) איז געקומען זיך זען מיט אורקיזאַן און מיר זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אױף דעם גרויסן באַרג, האָט אים דאָן כוסטאָ כאַסע געזאָגט: „אָט דער איז פֿון יענע וואָס איך האָב אײַך

*) דאָן באַרטאָלאָ מיינט דאָ דעם גענעראַל באַרטאָלאָמע מיטרע. איבערז.

וועגן זיי גערעדט", און דאָן באַרטאַלאַ האָט מיר דערלאַנגט די האַנט.

ער פּלעגט פּאַמעלעכן די האַנט אויסשטרעקן ווי צו באַווייַזן אַף אירע קנייטשן דעם נאָך וואַרעמען שפּור פון יענעם האַנט־דרוק און די אויגן פּלעגן אים דעמאָלט פאַרלויפן מיט אַ נעפּל אונטער די לאַנגע צע־שויבערטע ברעמען. באַלד פּלעגט ער נעמען ריידן וועגן כואַן מאַריירא, וואָס וועגן זיַינע אַוואַנטורעס פּלעגט אים לייענען זיַין טאָכטער, אַ דער־צויגענע אין אַ ווייזשאַגוויַיער מיטלשול, און צוגעבן פּלעגט ער:

— מיַין גוטער־ברודער דער דאָקטאָר מיגעל, אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל ער האָבן, אַן אורוגוויַיער אַדוואָקאַט, איר הערט?, האָט מיר אַמאָל גע־לייענט אין אַ בוענאָס־איַירעסער ציַיטונג, וויאַזוי כואַן מאַריירא איז גע־שטאָרבן.

אַט־די צוויי פּאַסירונגען האָבן אים אומגלויבלעך הויך געשטעלט אין די אויגן פון די איבעריקע גאַוטשן. גוט געווען איז ער ווי אַ גוט שטיקל ברויט און מען האָט אים ליב געהאַט און אַרויסגעוויזן דערעכ־ערעץ. דאָן עסטאַניסלאַאָ איז געווען אַ גוטער פריַינט די ייִדישע קאָלאָ־ניסטן און פּלעגט קימאַט יעדן טאָג קומען קיין ראַכיל קוקן ווי מען שעכט די שטיקלעך. ער פּלעגט זיך אַוועקזעצן באַם קאָראַל, אַף זיַין פּאַנטשאַ, פאַררויכערן אַ גראָבן ציגאַר טיטון און שמועסן. איז אַמאָל שווער געווען כאַפּן אַ ביקל אָדער דאָס אַריַינטריַיבן, פּלעגט דער אַלטער זיך אויפזעצן אַף זיַין סאַינאַ, אַ וואָרף טאָן דעם לאַסאָ און די מינוט איז דער ביק געליגן אויסגעצויגן אַף דער ערד גרייט צו דער שכיטע.

דאָן עסטאַניסלאַאָ האָט פאַרבעטן דעם שויכעט צו זיך אַהיים, און רעב אַווראָם האָט אים צוגעזאָגט אָפּשטאַטן אַ ווייזיט מיט דער פאַמי־ליע. ער האָט איַינגעשפּאַנט אַ פּאָר שטילע אָקסן אינעם וואָגן און מיט דעם וויַיב און מיט די טעכטער זיַינען זיי אָפּגעפאָרן צו דער באַן־סטאַנ־ציע לאַ לאָמאַדאַ. יאַנקל איז זיי נאָכגעפאָרן אַף זיַין וויַיסער שקאַפּע.

די נאַכט איז אויסגעפאַלן אַ וואַרעמע. דער סטעפּ האָט, דאַכט זיך, געאָטעמט אונטערן ליכטיקן ריַיד־באַצירטן הימל מיט שטערן. שעמעוו־דיק געקלאָגט האָט זיך דאָס טיַיכל אַפן פּאַשע־פּלאַץ. אַ שלעפעריק מע־קען האָט אין דער שטילקייט אָפּגעהילכט און די הינט האָבן געבולן אַף דער גרויסער מאַטעווער לעוואָנע, וואָס איר שיַין האָט אָפּגעשלאָגן אין דעם פאַרמילכטן וואַסער־שפּיגל.

דעם שויכעטס וואָגן האָט זיך פאַמעלעבן געשלעפּט פאָרוים אי־בערן וועג. די שוואַרצע אָקסן האָבן געצויגן די נאַקנס און מיט רוזקן טעמפּאָ געשפּאַנט איבער דעם שפּור, וואָס יאַנקלס לאַנגער שאָטן האָט פאַרטונקלט. באַ אַ זײַט איז געלאָפן דער מאָגערער „דום". ער האָט פריילעך באַוועגט מיט דעם עק און צומאָל אַזוי שנעל ווי אַ קנאַק מיט דער בײַטש זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אַ קוראָפּאַטווע, אָן איבערגעשראָקענע פאַר דעם ייִנגלס טראָט אָדער פאַר דער בײַטש פונעם אָנטרײַבער. הינ־טער זיי איז געפאַלן דער ברייטער שאָטן פון דער דאַמבע.

די פּאַסאַזשירן האָבן צווישן זיך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. אַ פאַרבאָרגענע היספּײַלעם האָט זייערע הערצער ארומגענומען. איז עס געווען די מילדע נאַכט, דער בלויער הימל, די פרייד פון לעבן אַף דער נאַטור, אָפּן ווי דאָס האַרץ, ווי אַ טיר פאַר דער פאַשעטקייט? פון ווײַטן האָט זיך דערטראָגן דער אָפּקלאַנג פונעם גלאָק, פון דעם קליינעם באַ־שיידענעם קאַפּליצע־גלאָק. דעמאָלט ערשט האָט זיך דער שויכעט דער־מאָנט, אַז ס'איז אַ כאָגע־טאָג. ווידער האָט אין דעם פוסטן כאָלאָל אָפּ־געקלונגען דער קוים דערגאַנגענער קלאַנג, און באַ דעם ייִדישן לאַמדן אין האַרצן, וואָס איז פול געווען מיט געמאַרע און יערושאַלאַיִם, האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן. אַ טיפע פרומקייט האָט אים פאַרפלייצט און די נערוון האָבן אים נאָכגעלאָזט, זײַן גוף האָט געכאַלעשט אין אַ טײַנעג־געפיל. ער האָט צוגעדריקט צום האַרצן דאָס ווײַב, אַ פאַריונגטע אין דער הייליקער פעלד־עקזיסטענץ, האָט איר אַ ציטעריקן קוש געגעבן אַף דער באַק און מיט אַ גערירטן קאָל אַ זאָג געטאָן:

— געלויבט ביזטו גאָט.

און נישט געקענט האָט ער זיך קלאָר מאַכן דעם גדאַנק, וואָס האָט אים אינעם מויעד אָנגעשלאָגן.

* * *

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַרן טויער, ווו עס האָט זיי אויפגע־נומען אַ טשאַטע הינט. יאַנקל האָט אַ רוף געטאָן אָפּן אָרטיקן שטייגער, נישט געקימערט ווי עס קומען אַ ייִדן אין מויל אַזעלכע ווערטער:

— אווע מאַריִאַ!

דאָס מישלינג־ייִנגל פונעם גוט האָט מיט שטיינדלעך פון דער ערד און מיט דעם פוס איינגעשטילט די הינט.

ער האָט דערקענט זיין פריינט כאַקאַבאַ און אפן קאָל א רוף געטאָן דעם אַלטן:

— פּאַטראָן, איר האָט געסט: דאָן אַבראַהאַם מיט די זייניקע!

די פּאַסאַזשירן זיינען אַראָפּ פונעם וואָגן. דאָן עסטאַניסלאַאָ האָט זיי אויסרופעריש געגריסט און די קרעאָלקעס האָבן פריידיק אַרומגע־שטעלט זיך אַרום דעם שויכעטס מישפּאָכע. באַלד האָט מען באַפוילן דער טשינאַ צוגרייטן אַ מאַטע און אונטערן פּאַדאַשעק, ווו עס קען אַז־רוען יעדער איינער וואָס פילט זיך מיד פונעם וועג, אומגעפּרעגט וועער ער איז און פון וואַנען ער קומט, האָבן זיך מענער און פרויען אויסגע־זעצט מיט געפּלוידער און געלעכטער. רעב אַווראָם, אַ געמעסיקטער, אַז אויפגעראַמטער, אַ העפלעכער, האָט זיך אַלע ווײַלע געבייגט מיט האַס־קאַמע, כאָטש ער האָט ניט פאַרשטאַנען די מערסטע טייל פריינטשאַפט־לעכע און ליוב־פראַזעס. גערעדט האָט יאַנקל. דערציילט האָט ער און דערביי געשפּילט זיך מיט זיין שווערן רעבענקע, וועגן אַן איבערשלאַג, וואָס זיי האָבן געהאַט אין וועג — אַ רימען האָט געפּלאַצט — און האָט געלויבט דעם טאַם פון דער מאַטע, וואָס דעאָלינדאַ, בעניטעזעס עלטערע טאָכטער, האָט דערלאַנגט.

— אַפילו ניט אין גאַניידן זופּט מען אַזאַ מאַטע...

די סעניאָראַ בעניטעז האָט דערויף מיט צעצויגענער קאָקעטעריי געענטפערט:

— פייַן, באָכערל, פייַן.

דאָן עסטאַניסלאַאָ, ווי זיין טעווע איז געווען, האָט גערעדט אַ סאַך, געמאַכט מיט די הענט און נישט פאַרענדיקט די ווערטער. די לעוואָנע האָט מיט איר מילדער שיין באַגאָסן די בייניקע געשטאַלט, און דאָס זילבערנע בערדל מיט דעם שטייפן פּאָנעם זיינען ווי אַ שטאַמפּ געוועזן אויפגעצייכנט אין דער נאַכטיקער רו. גאַוטשיש האָט אויך אויסגעזען דער שאָטן פון דעם ייִדן מיט דער לאַנגער באָרד, מיט דעם גרויסן קאָפּ האָר, מיט דעם אויסגעבויגענער נאָז און הויכן שטערן, אין באַמבאַטשאַס אַנגעטאָן, ווי אַף דער דאָרטיקער ערד אַ געבוירענער, מיט אַ ברייטן גאַרטל אַרום די לענדן. דעאָלינדאַ האָט געשפּאַנט היין און צוריק מיט

דער מאַטע. טונקעלע צעפּ, דיקע און פּרעכטיקע, זײַנען איר געפאַלן אי־בערן רוקן און בעייסן גיין האָט דאָס סאַראַזאַנענע קליידל אַף איר געם־קריפּעט. אירע גרויסע אויגן האָבן געהאַט אין זיך אַ גלאַנץ. איר קלינ־גענדיקער דיִטלעכער קאָל האָט, דאַכט זיך, די לופט געשניטן בעיים זי האָט גערעדט.

רעב אווראָם האָט פאַרטראַכט פאַר זײַן פרײַנטס טאָכטער אַ קאָמ־פּלימענט מיט אַרכאַיִשער און געלערנטער עלעגאַנץ. מען האָט מאַמעש געזען ווי שווער אים קומט אָן צוזאַמענצושטעלן די פראַזע:

— דאָן עסטאַניסלאַאָ, אײַער אַדעליקייט איז קענטיק אַף דער שיינ־קייט פון אײַערע טעכטער, וואָרעם די וואָס זײַנען זויבע, זאָגט אונדזע־רער אַ געלערנטער, פון זעליקן אַנדענק, געבוירן נאָר שיינקייט.

דאָן עסטאַניסלאַאָ, וואָס איז אינעם טאַך פון דעם וואָרט נישט אַרײַנגעדרונגען, האָט געענטפערט:

— אַזוי איז עס.

די פרויען האָבן פאַרבונדן אַ שמועס אַרום שטוב־זאַכן. דאָניאַ כערטרודיס האָט אויסגערעכנט די מײַלעס פון איר קו — די דיקע:

— זי איז צוגעלאָזן ווי אַ קינד; איך מעלק זי צוויי מאָל אין טאָג; גאַנץ פרי און פאַרנאַכט גיט זי אָן עמער מילך; זי פאַרהאַלט בא זיך גאָרניט.

די שויכעטקע האָט זיך געוווּנדערט; זי האָט באַדויערט וואָס זי קען דאָס נישט זאָגן וועגן אירער, אַ ביטערע קו, וואָס פאַרהאַלט די מילך.

יאַנקל האָט געזען זײַן באַלעבאָסטעס צאַר, ווי שווער איר איז אויס־צודריקן זיך, און איז איר צו הילף געקומען:

— ווען מיר פּענטען זי ניט און מיר בינדן איר ניט צו דעם קאָפּ צום סלופּ, וואָלט מען בא איר קיין איין טראָפּן מילך ניט אַרויסגעקראָגן, און בריקעוועט נאָך אינעם מעלק־שעפל.

מען האָט געשמועסט וועגן דעם ווי אָפט די הינער לייגן זיך און מיסיאַ כערטרודיס האָט זיך באַקלאָגט אַף דער קאַץ, אַז זי האָט אַ טעווע זיך צו יאָגן נאָך הינדעלעך.

— די קאַץ! — האָט דעאַלינדאַ אויסגעשריגן. — ערשט נעכטן האָט זי מיר אַ קאַנאַריק פאַרצוקט.

ביסלעכווײַז האָט דער שמועס גענומען לאַנגווײַליקן, אַז אָפּגעשוואַכ־

טער פון דער באַנאַכטיקער ווייכקייט. די ביימער, באַדעקטע מיט צוויט, האָבן פאַרשמעקט די לופט. די ראָמאַשקעס, געדיכט אָנגעזעצטע, האָבן ווייס געמאַכט די לײדיקייט צווישן די ביימער, וואָס איז פול געווען מיט לעוואַנע־שײַן.

רעב אַווראָם האָט זיך אָנגערופן:

— איבער דער גאַנצער וועלט זעט מען ניט אַזאַ הימל ווי דאָ.

און ער האָט דערציילט, אַז ער איז געווען אין ערעץ־יִסראָעל, אין מיצראַיִם, אין רוסלאַנד, נאָר אין ערגעץ איז דער הימל ניט אַזוי בלוי ווי אין ענטרע־ריִאָס. פאַרענדיקט האָט ער זײַן געדאַנק מיט די ווערטער:

— דער ענטרע־ריִאָסער הימל איז באַשיצעריש און צאַרט. אַז מען געפינט זיך, לעמאַשל, איינער אַליין אַפן פעלד, ווערט מען נישט באַ־פאַלן פון מוירע; די שײַן פונעם הימל איז אַזאַ מילדע.

דער אַלטער גאַוטש האָט באַנומען רעב אַווראָמס געדאַנק. זײַן פאַר־שעמטע און ריינע נעשאָמע האָט אַ ציטער געטאָן ווי אַ געזאַנג צו גאָט אין דער גלאָררײַכער נאַכט, אונטער דעם הימל, וואָס האָט נישט קיין גלײַכן צו זיך, וואָס זײַן הויכער געוועלב האָט זיי צוגעדעקט מיט זײַן ווייכקייט. דאָס באַזשערא־פייגעלע האָט אַ טרילע געטאָן אינעם פאַר־זשאַווערטן שטײַגל און באַם לעגענדאַרישן אַלטן האָט זיך פונעם האַרצן אַרויסגעריסן אַ טיפער זיפץ, אַ זיפץ, אַן אויסדרוק פון זײַן ליוב צו דער היימישער ערד, וואָס פאַר איר האָט ער אַזוי פיל מאָל דאָס לעבן אײַנ־געשטעלט אין מילכאָמע, ער, דער ריטער פון שפּיז און ביקס, וואָס מען האָט פאַר אים מוירע געהאַט אין וואַלד און אין שטאָט.

ער האָט אַראָפּגענומען די גיטאַרע פון דער וואַנט און זײַנע פינ־גער האָבן גענומען צופּן די סטרונעס. מיט אַ צעציטערטן קאָל האָט ער אויסגעזונגען די אַלטע קאָפּלאַ פון דער געגנט:

„ענטרע־ריִאָס, ערד דו מײַנע,
„וווּ איז דאָ נאָך אַ הימל ווי דײַנער?
„דײַנע בערגלעך, דײַנע טײַכן...

אין דער ווײַט־צעשפּרייטער רו, האָט אַ האָן אַ הילכיקן פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און האָט אַרײַנגעקרייט אין דער נאַכט.

# שיידים

— צי איך גלויב אין שיידים? — האָט רעב אוורהם איבערגע־פרעגט. — ס'איז, הערט איר, אַ ערנסטער איניען. — און דער שויכעט האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ שווערן פּילפּל מיקוייעד דער פראַגע. — די געמאַרע זאָגט — האָט ער גענומען ריידן מײַסע לאַמדן — אַז צוויי קויכעס פירן דאָס האַרץ פון יעדן מענטשן: דער יעצער־טאָוו און דער יעצער־האָרע, וואָס ער איז אויך דער סאָטן. דערפון איז געדרונגען, אַז לייקענען קען מען ניט. די געמאַרע זאָגט עס גאַנץ קלאָר. אויב עס זײַנען פאַראַן מאַלאָכים, מוזן אויך זײַן שיידים, און אָט־די שיידים נוצן זיך מיט אומריינע באַשעפעניש אויסצופירן זייערע געשעפטן.

די פראַגע איז אַרויפגעשווומען צוליב אַ פּאַסירונג, וואָס האָט גע־צווונגען די קאָלאָניסטן, וואָס זײַנען יענעם שאַבעס געווען אין שול, זיך צו פאַרטראַכטן. רעב שמועל רודמאַן האָט זיך געדאַכט, אַז אינמיטן דער נאַכט האָט ער געהערט אַ מאָדנע רודערן באַ זיך אָפן דאַך. טכילעס האָט ער עס אין אַכט נישט גענומען.

— מיסטאָמע דער ווינט — האָט ער זיך געטראַכט.

נאָר שפּעטער האָט ער ווידער געהערט רודערן. אויפגעעפנט האָט ער דאָס פענצטערל, וואָס גייט אַרויס צום גאָרטן, אָ[ן] האָט בעפיירעש געזען, אַז ס'איז נישט דער ווינט, וואָרעם דאָס ציצענע פירהענגל האָט זיך נישט גערירט. בעיס־מײַסע, אָבער, האָט באַ אים אָפן שטרויענעם דאַך פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך. רעב שמועל האָט דעמאָלט גענומען דערגיין די זאַך אַקוראַט. פונעם פּאַדאַשעק איז אים גרינגער געווען צו זען וואָס אָפן דאַך טוט זיך. אַנגעזען האָט מען פון דאָרט די גאַנצע קאָלאָניע אין דער צעציטערטער העלער נאַכט, אונטערן לויטערן הימל, אַ באַלויכ־טענעם מיט דער פולער לעוואָנע. די בעהיימעס, צעוואָרפן איבערן פאַ־

שע־פּלאַץ, האָבן געדוט, און דאָס טײַכל האָט אויסגעזען ווי אַ ווײַסער שניט מיט אַ מעסער. די דאָמבע האָט אַרויסגעסטאַרטשעט מיט איר גע־דיכטער שוואַרצער מאַסע. אַפֿן דאָך איז קיינער נישט געווען, נאָר דאָס רודערן האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט.

ער האָט אַראָפּגעשריגן צום ווײַב:

— אַפֿן דאָך איז קיינער נישטאָ...

ברײַנע איז שטאַרק אומרויִק געווען און האָט געראָטן דעם מאַן ער זאָל אַראָפּקריכן.

— ווער ווייס! — האָט זי געזאָגט. — צי איז עס ניט עפּעס אַן אומריינע זאַך...

און האָט איז דער שטיל אָפּגעשעפּטשעט דעם „ויהי נועם" אַף צו פאַרטרײַבן די נישט־גוטע. געווען איז זי אין הױלן העמד, די פלאַקסענע האָר צעשאָטן איבערן רוקן און עטלעכע פּאַסמעס זײַנען איר געפאַלן אַף איר צעדרייטן און צעקנייטשטן שטערן. אַ ווינטל האָט אַ בלאָז גע־טאָן און איר דאָס העמד צעעפנט, און אירע אויסגעשעפּטע ברוסטן האָבן אין דער לעוואָנע־שײַן באַקומען בלוילעכע קאָלירן. אַן אומקלאָרע שרעק איז איר באַפאַלן און דערפילט האָט זי אַ שאַרפע קעלט אין אַלע אייוורים.

— שמועל, גיי אַראָפּ! — האָט זי אים גערופן ווי ניט מיט איר קאָל.

שמועל איז אַפילע ניט געווען פון די מענטשן, וואָס האָבן מוירע אַרויסצוגייען באַנאַכט, געווען איז ער אַ שטיקל אַפּיקוירעס אין די זאַכן, נאָר דערפילט האָט ער אַ שרעק ווען ער האָט געהערט ווי ברײַנע בעט זיך בײַ אים. ער האָט איר גאָרניט געענטפערט און איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם פּאַדאַשעק אַף דער ערד.

זיי זײַנען שוין די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. פאַרמאַכט האָבן זיי דאָס פענצטערל און פאַרריגלט די טיר און די רעשט צײַט אַלץ געקלערט וועגן דער אומדערקלערלעכער פּאַסירונג. דאָס רודערן האָט ניט אויפ־געהערט. רעב שמועל האָט געפּאָלגט זײַן ברײַנען, האָט גענומען דאָס סידער און גענומען לייענען קרישמע. נאָר די ווערטער האָבן די בייזע רוכעס נישט פאַרטריבן. עס האָט זיך ווײַטער גערודערט, און געהערט האָבן זיי ווי אַ טונקעלע זאַך האָט אַ פלי געטאָן און זיך אָנגעשלאָגן אָן דער דרויסנדיקער וואַנט פון לינקס, אַזש דער דאָך האָט זיך אַ טרייסל

געטאָן... אפֿן הויף האָט אַ האָן זיך צעקרייט. די לעוואָנע איז בלייכער געוואָרן און אַ טיפֿע שטילקייט איז אָנגעשטאַנען. איַינגעשלאָפֿן זיַינען זיי ערשט פֿאַרטאָג און אויפֿגעשטאַנען זיַינען זיי זייער שפּעט, ווען די זון איז שוין געהאַט אויפֿגעגאַנגען.

— גיי אין שול אַריַין — האָט אים דאָס וויַיב געזאָגט.

— שוין גיי איך.

ער האָט זיך אָנגעטאָן און געעפֿנט דאָס פֿענצטער. אַ שיינער ליכ־טיקער טאָג איז אַריַין אין שטוב. שמואל האָט אַ קוק געטאָן אַף בריַינען און האָט דערזען אַף איר אַזוינס, וואָס האָט אים צו דער ערד צוגע־פּלעטשט. ער האָט זיך אַף די פֿיס נישט געקענט האַלטן און האָט קוים צוגעשפּאַנט ביז דער שטול, ווו די אַריַינגעקומענע פֿרישע לופֿט האָט אים צו זיך געבראַכט. באַ בריַינען איז אַ האַלבער קאָפּ געווען איַינגאַנצן גרוי.

— נישט קיין געוויינלעכע זאַך! — האָט דער שויכעט דערויף געזאָגט.

— אַ נישט געוויינלעכע זאַך! — האָט קעלנער מאַסקים געווען.

— שיידים... — האָט אַ צווייטער געזאָגט זיַינע אַ סוואָרע.

— טאָקע נאָר שיידים — האָט אַ דריטער פּאַטאַקעוועט.

און אַרום דעם האָט זיך פֿאַרפֿירט דער וויקועד.

מוישע הינטלער האָט געזאָגט, אַז דאָס זיַינען אַלטע זאַבאַבאָנעס. ער האָט שטענדיק געוווינט אַרוים דער שטאָט, דאָרט אין רוסלאַנד, און האָט קיינמאָל נישט געהערט דערציילן אַזוינס זאָל ערגעץ האָבן פּאַסירט.

— איך בין איינמאָל אַפּגעשלאָפֿן די גאַנצע נאַכט אין אַ וואַלד און האָב גאָרנישט ניט געזען — האָט ער פֿאַרזיכערט — גאָרנישט ניט; איך בין מיר גאַנץ רויִק געשלאָפֿן...

— דאָס איז קיין ריַיע נישט — האָט אים קעלנער אָפּגעענטפֿערט,

— איך בין נישט קיין אַבערגלויביקער, נאָר...

און דערציילט האָט ער אַ מאָדנע פּאַסירונג. עמעס, ער אַליין איז דערביַי נישט געווען, נאָר געהערט האָט ער דאָס דערציילן דעם טול־טשינער ראַוו, און אים גלויבט ער, וואָרעם אַזאַ ערלעכער ייִד ווי ער איז, וועט נישט גיין עמעצן נאַרן. עפּעס איז ער דאָך אַ ראַוו, גאָט מיַינער!...

— אַ היַיסינער מישפּאָכע — האָט ער אָנגעהויבן — האָט אַמאָל

אונטערגענומען א וויַטע נעסיָע. מען פלעגט נאך דעמאָלט פאָרן מיט דער אקס און די וועגן זיַנען געווען נישט זיכער. פּאַסאַזשירן פלעגן פאָרן מיט מוירע, מיט דער האַנט אַף דער ביקס און מיט גאָט אין הארצן. יענע יאָרן פלעגן גאַזלאָנים באַפאַלן די ייִשוּווים, אויסרויבן די היַיזער און אַוועקפירן די בסולעס.

די פאַמיליע איז נאך קנאַפּ וואָס געהאַט אַריַינגעפאָרן, האָט זיך דער הימל פאַרכמאַרעט און דאָ, איז דער וואַלד באַ דער זיַיט, א טיפער, אַ פינצטערער, איין גרויסער פלעק. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך גענומען שרעקן און געפרעגט דעם קוטשער צי איז נישט קיין סאַקאַנע.

דער אָרל האָט דערויף געענטפערט:

— דאָ לויערן סאַקאַנעס אַף יעדן טראָט.

די באַכערים, דריַי זיַינען זיי געווען, האָבן זיך גענומען צום גע־ווער, דער אַלטער האָט אָנגעלאָדן די פיסטוילן און די וויַיבער האָבן גע־לייענט קרישמע אַף אויסנווייניק. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, האָט פון די כמאַרעס אויסגעגאָסן אַ מאַבל און די נאַכט איז צוגעפאַלן אַ שטאָק־פינצטערע, אַ געדיכטע און אַ טרויעריקע. פונוויַיטנס האָט אַ שיַין אַ פינקל געטאָן. די פּאַסאַזשירן האָבן וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם קוטשער און ער האָט זיך פאַרנומען אַף אַהין.

— דאָרט מוז זיַין אַ קרעטשמע — האָט ער זיך אָנגערופן.

— קענטיק אַ קרעטשמע — האָט דער אַלטער געענטפערט און האָט זיך געפליַיסט ריידן פעסט און רויִק.

מען איז צוגעפאָרן. דער קרעטשמער ענטפערט ניט.

— אינעווייניק לייכט זיך און מען ענטפערט ניט — האָט דער קוטשער זיך אַרויסגעזאָגט. — איך וועל נישט אַריַינגיין.

— זיי הערן נישט איבערן רעגן — האָט אים געענטפערט איינער פון די באַכערים.

סאַפּקאַלסאַף, נאָך לאַנגן קלאַפּן, האָט עמעצער דורך אַ שויב אַרויס־געקוקט. — היי! וויפל זיַינט איר?

— אַכט זיַינען מיר! — האָט זיך איינער אָפּגערופן.

— זיבן, וויַיל איך וועל נישט אַריַינגיין — האָט דער קוטשער אַ געשריי געטאָן.

און מען איז אַריַין אינעווייניק. אין קרעטשמע איז געווען שטאַרק

קויטיק. כיילעוועגע ליכט האָבן באַלויכטן די צעשפּאָלטענע ווענט פאַר־רויכערטע מיט סאַזשע ביז אַרויף און פון די בעליקעס האָבן אַראָפּגע־האָנגען גראָבע שטריק.

וואָס שטילער עס איז געוואָרן, אַלץ מער האָבן די פּאַסאַזשירן מוירע באַקומען, אַ פראָסט האָט זיי דורכגענומען, דעם גוף מיט דער נעשאָמע, וואָרעם געדאַכט האָט זיך זיי, אַז זיי הערן אַ געוויין זיך טראָגן, ווי פון אַ קעלער אַרויס. די מענער האָבן זיך איבערגעקוקט.

דער יינגסטער פון די באַכערים האָט אַ פרעג געטאָן דעם פּאָטער:

— צי איז דאָ נישט די טאָטערישע אַכסאַניע?

— עפּשער טאַקע...

אַ שטילשוויַיגעניש איז שטיין געבליבן. געוועזן איז די טאָטערישע אַכסאַניע אַ באַרימטע הייל, ווו מען פלעגט פאַרהאַלטן פּאַסאַזשירן און דערנאָך פאַדערן פאַר זיי אויסלייז־געלט אין שטאָט. פאַרשטאַנען האָבן זיי עס דערפון וואָס די טירן און פענצטער זיַינען פון דרויסן געווען געשיצט מיט אייַזערנע פרענטעס.

דער אַלטער איז געווען אַ קלוגער ייִד. געזען האָט ער פאַר זיך דעם טויט, נאָר געטראַכט האָט ער זיך, אַז מיט געשלעג און מיט געוויין וועט ער דאָ גאָרניט העלפן.

— לאָמיר גאָט בעטן — האָט ער זיך אָנגערופן — און וועקן זכוס־אָוועס.

דער רעגן איז שטאַרקער געוואָרן, פונעם שטורעם האָבן די שווערע בעליקעס אַף דער סטעליע געסקריפּעט און די דונערן האָבן זיך, דאַכט זיך, אין שטוב אַריַינגעריסן. געצויגן האָט זיך אַזוי אַ שאָ נאָך אַ שאָ.

געקוקט האָבן זיי אַזוי אַף אַ קיַילעכדיקן פענצטער און מיטאָמאָל האָבן זיי דעריזן דערזען דאָס ראָצכישע פּאָנעם פון דעם וואָס האָט זיי די טיר געעפנט, און באַלד דערויף דערהערט אַ מעסער שליַיפן.

אַלע האָבן אין דער שטיל גאָט געבעטן, זיך געשלאָגן אַל־כעט.

— גאָט וועט אונדז שיקן זיַין הילף — האָט דער אַלטער פעסט געזאָגט.

— גאָט וועט אונדז דערהערן — האָט די אַלטע געזאָגט. — איך וועל אַ גאַנץ יאָר שטעלן גרויסע ליכט אין שול פאַרן אָמעד.

אין דער רעגע האָט אַ קלונג געטאָן דער גלאָק באַם טויער.

— מען גייט.

— די גאַזלאָנים מיסטאָמע...

— רייד נישט קיין טיפּשעס, ייִדענע, מען קומט אונדז אַרויס־ראַטעווען.

די טאַטערן האָבן נישט געוואָלט עפענען. ווידער האָט דער גלאָק געקלונגען און ווידער. האָבן די דונערן אין קרעטשמע אַריינגעקנאַלט.

ביז דער טויער האָט זיך סאַפּקאַלסאַף אונטערגעגעבן און אַ גרו־סער אוילעם מענטשן האָט זיך אינעווייניק אַריינגעריסן.

— אַהערצוצו — האָט דער קרעטשמער זיי אָנגעוויזן מיט אַ גראָב קאָל; אַהערצו גייט, וואָרעם דאָרט איז אַ צוגעשלאָסענער ביידער.

די אַריינגעקומענע האָבן אַראָפּגעריסן די פּרענטע פון דער טיר, האָבן נישט געהערט וואָס דער קרעטשמער האָט זיי געוואָרנט, און זיינען אַריין אינעווייניק. געווען זיינען זיי אַ סאַך, מענער און פרויען, פּאַר־פּוצטע, ווי די סראָרעס.

דער אַלטער האָט זיך צו זיי געווענדט:

— איך דאַנק דעם אייבערשטן, וואָס האָט צוגעהערט אונדזער גע־בעט.

— אינדרויסן רעגנט און איר זיינט טרוקן — האָט אָנגעוויזן זיינע אַ טאָכטער.

— זאָל דיר צו קיין וווּנדער ניט זיין, טאָכטער מיינע, — האָט דער פאָטער געענטפערט.

איינער פון די געסט, אַן איינהאַנטיקער, איז צוגעאַנגען צו דער טיר און האָט אָנגעקלאַפּט, גערופן דעם באַלעבאָס, און ער איז באַלד אַריינגעקומען פרעגן וואָס מען וויל.

— ברענג אַריין צו טרינקען און צו עסן; פריש פליייש זאָל זיין און גוטער ווייַן.

— די קעלערס זיינען ליידיק. — האָט יענער געענטפערט.

איך וועל גיין מיט דיר.

און ער איז אים נאָכגעגאַנגען. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער איינהאַנטיקער צוריקגעקומען מיט די געפאַנגענע. אַלע זיינען געוואָרן פריילעך און אַלע האָבן אָנגעהויבן זינגען און לאַכן. אין דרויסן האָט דער שטורעם זיך איינגעשטילט און די לעוואָנע האָט זיך באַוויזן.

באַלד איז דער וואָגן אַרויסגעפאָרן. געפאָרן זײַנען זיי אין דער שטאָט היַיסין און זייערע דערלייזער מיט זיי. קאַיאַר, ווען דער וועג איז ליכטיקער געוואָרן, זײַנען זיך די געהיימע פּאַסאַזשירן צעשוווּמען אינעם נעפּל און די טאַטערישע קרעטשמע איז געשטאַנען אין פלאַמען פײַער...

און קעלנער האָט פאַרענדיקט:

— דער טולטשינער ראָוו, אַ ייִד אַ לאַמדן, וואָס איז געגאַנגען נאָר מיטן עמעס, האָט מיר אַמאָל געזאָגט ווען עס איז צו רייד געקומען וועגן דער פּאַסירונג:

— יענער מישפּאָכע איז בײַגעשטאַנען זייערע זכוס־אָוועס, וואָס דער אַלטער האָט אויפגעוועקט מיט זײַן געבעט. אַזוי האָט ער זיי גע־זאָגט ווען זיי זײַנען דערנאָך צו אים געקומען פרעגן ווי־אַזוי זיי זאָלן גוימל בענטשן וואָס זיי זײַנען ניצל געוואָרן.

* * *

און די מײַסע מיט דעם ציילעם פון לאָס־מאָסקאָס? — האָט יאַנקל געפרעגט.

געוועזן איז עס אַז אַלטע געשיכטע. אַ קאַרמעלער קאָלאָניסט האָט אַמאָל באַדאַרפט האָבן צו דאָן עסטאַניסלאַאָ בעניטעז. אין ראַכיל האָט ער געפרעגט באַם אַלקאַלדעס פּעאָן ווי צוצוקומען צום גוטבאַזיצערס הויז.

— הערט אײַך אײַן, דאָן — האָט אים דער פויער געזאָגט; — גייט גלײַך און דערנאָך פאַרנעמט אײַך לינקס, מיט דער דאַמבע; גייט גלײַך, וועט איר אָנטרעפן אַ ציילעם; פאַרנעמט אײַך רעכטס, און אַ האַלבע לעגווע ווײַטער וווינט דאָן עסטאַניסלאַאָ.

דער קאָלאָניסט איז געפאָרן ווי דער פּעאָן האָט אים אָנגעוויזן; ער האָט געזען דעם ציילעם און איז אָנגעקומען.

אַ צווייטער, ווידער, וואָס דער פּעאָן האָט אים אָנגעוויזן דעם וועג, האָט פאַרבלאָנדזשעט. ווען ער איז צוריקגעקומען, שוין טיף אין דער נאַכט, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער האָט קיין שום ציילעם נישט געזען.

אָפן אַנדערן טאָג, זײַנען זיי אַהין געגאַנגען ביידע. צוגעקומען צום

אַרט, האָט אים דער פּעאָן אָנגעוויזן מיט אַ האַלבן קילאָמעטער ווײַטער:

— איר זעט ניט דאָרט דעם ציילעם?

— איך זע ניט...

— אָבער, מענטש וואָס איר זײַנט, קוקט אַהין, צווישן די קאָר־דאָלן...

ער האָט ווידער געקוקט און, צום סאָף אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, איך זע אים, אָט דאָרט איז ער.

דאָס אייגענע איז געשען מיט אַ סאַך קאָלאָניסטן.

אַז דאָן עסטאַניסלאַאָ האָט זיך דערפון דערוווּסט, איז ער אַוועק אַף יענעם אָרט — געווען איז ער דער עלטסטער טוישעוו אין דער געגנט — און האָט זיך איבערצײַגט, אַז דאָרט איז גאָר קיינמאָל קיין ציילעם נישט געווען.

— עס קען נישט זײַן — האָט דער פּעאָן געזאָגט. — שוין צען יאָר ווי איך גיי דאָרטן פאַרבײַ.

געגאַנגען איז ער אַהין נאָכאַמאָל און האָט שוין געזאָגט, אַז „עמעצער האָט אים אַוועק צוגענומען".

דעם אַקסנטרײַבערס ווײַב, אַז זי האָט דערהערט וועגן דער מאָד־נער פּאַסירונג, האָט זי דאָס אַזוי אויפגעקלערט:

— דער ציילעם אַפן וועג צו לאַס־מאַסקאַס? שיידים שטעלן אים אַוועק און נעמען אים צו. איך האָב עס אַליין געזען...

פון דעמאָלט אָן האָבן אַ סאַך מענטשן מוירע באַקומען דאָרט פאַר־בײַצוגיין. אַנדערע האָבן שוין אויך געזען שיידים.

זיי, פאַרשטייט זיך, האָבן צוגענומען דעם יאַרמאַ באַם אַלקאַלדע פון שטוב און וועש באַ הינטלערן. די שפּורן פון די נישט־גוטע האָט מען גאַנץ אָפט געזען. אַ באַווײַז איז געווען די פּאַסירונג באַ די רוד־מאַנס.

אַנדערע האָבן געלאַכט:

— נאָר דאָס האָט אונדז געפעלט מיר זאָלן ווערן אַ ישעוו מיט ישוּווים גלײַך. מיר האָבן שוין שיידים, וואָס גאַנווענען יאַרמאַס און וועש.

דער פאַל מיט די רודמאַנס איז אָבער געווען אַ זייער ערנסטער. נאָכן דאַווענען זײַנען ייִדן מיטגעגאַנגען מיט אים אַהיים. פון ווײַטנס

האָבן זיי באַטראַכט דעם דאַך אַף זייַן אָרעמען שטיבל. די ערשטע זיי־נען אַרײַנגעגאַנגען רעב שמועל מיט דעם שויכעט, און ווען זיי זײַנען צוגעקומען צום ווינקל, וווּ דאָס בעט איז געשטאַנען, האָבן זיי ביידע אַ געשריי געטאָן. בריינע איז געלעגן טויט אַף דער ערד, דאָס מויל פאַרקרימט אין אַ שרעקלעכער גרימאַסע...

# דער געט

— זאָל רעב יוינע זאָגן זײַן וואָרט וועגן דעם איניען...

— זאָל בעסער זאָגן רעב אוורהאָם; ער איז אַ שויכעט און איז באַקאַנט מיט די דינים און מישפּאָטים.

דער שויכעט האָט געראָטן:

— בעסער וואָלט געווען די אַלטע לײַט זאָלן פריִער האָבן דאָס וואָרט.

די סצענע איז פאָרגעקומען באַ יִסראָעל קעלנער אין שטוב. עס זײַנען זיך אַהין צוזאַמענגעקומען די עלטסטע באַלעבאַטים מישפּעטן איז אַן איניען פון געט. דער ערשטער, מאַשמאָעס, אין קאַלאַניע און האָט דערום געוועקט אַלעמענס נײַגיר. קיין איינע פון די כאַשעווע בערד האָט נישט געפעלט און אויבנאָן באַם פענצטער האָט זיך צווישן אַלעמען אויסגעטיילט די וויקנקלדיקע געשטאַלט פון דעם מאַראָקאַנער ייִדן, דאָן מאָשע אורקיכאַ דע אַלבינאָזים. געקומען איז ער אין קאַלאַניע אַף באַזוך צו זײַן זון, אַ לערער אין קאַלאַניע, און מען האָט אים פאַרבעטן צו דער אַסיפאַס־כאַכאָמים ווי אַ ייִדן אַ לאַמדן. גערעדט האָט ער לאַשן־קוידעש און נאָך אַ מין אַלטן לאַשן, וואָס ער האָט געצויגן זייער פאַ־מעלעך.

רעב יִסראָעל האָט זיך פאַר אים מיט קאַוועד פאַרנייגט און האָט זיך צו אים געווענדט מיט די ווערטער:

— אונדזער גאַסט דאַרף זאָגן זײַן מיינונג.

דאָן מאָשע אורקיכאַ דע אַלבינאָזים האָט געקעמט זײַן גערדיכטע באָרד און האָט געבעטן מען זאָל פאַר אים אויסלייגן דעם איניען. דער־מאָלט ערשט האָט מען זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם טיש פון צעשפּאָל־טענע ברעטער מיט דעם שאַבעסדיקן טישטעך צוגעדעקט, און אָנגעהויבן

האָט זיך די עקספּאַזע. בעיִס־מיַיסע האָט דאָס יִנגל, דער פּעאָן, סער־ווירט מאַטע און די באַלעבאָסטע האָט באַקומען לויב פאַר אירע טיי מיט קיכלעך.

— דאָ זיַינען די איידעס פוןביידע צדאָדים — האָט זיך אָנגערופן קעלנער. — רעב מיילעך מיִצאַד דעם מאַן, און רעב יויעל מיִצאַד דער אישע. דאָס פּאָרפאָלק האָט כאַסענע געהאַט מיט דריַי יאָר צוריק. זיי וווינען אין סאַן־אַנטאָניאָ און זיַינען אָרנטלעכע מענטשן.

רעב מיילעך האָט מוידיִע געווען:

— רעב שימען וויל נישט קיין געט.

אַריַינגעמישט האָט זיך רעב יויעל:

— לאָמיר פריִער אויסלייגן די טיַינעס. דער שויכעט וועט זיי פאַר־שריַיבן לויטן דין און מיר, די איידעס, וועלן כאַסמענען. דאָס וויַיבל — האָט ער פאַרענדיקט — באַשטייט אויף אַ געט.

דאָן מאַשע אורקיכאָ דע אַלבינאָיִם האָט זיך געהאַלטן באַ אַלע דיקדוקים פונעם שולכן־אָרוך, און האָט געבעטן רעשוס אויסצופרעגן די איידעס, און אַז ער האָט די דערלויבעניש באַקומען, האָט ער מיט אַ טיי־פער העפלעכקייט געפרעגט:

— דער זייער כאָשעווער ראַבי מיילעך וועט אונדז זאָגן צי קלאָגט אַן ראַבי שימען זיַין וויַיב פאַר די דאַיאַנים.

— איך קלאָג זי ניט אָן — האָט ער געענטפערט.

— און איר, ראַבי יויעל, קלאָגט איר אָן אין איר נאָמען דעם מאַן?

— אויך ניט.

דאָן מאַשע האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט געהאַלטן אַט־די דראָשע:

— מיר זעען ראַבויסיַי (און מיר וואָלטן דערפאַר באַדאַרפט געבן אַ לויב צו גאָט), אַז נישט זינד איז דער גוירעם פון דעם מישפּעט. לאָ־מיר דאַנקען דעם אייבערשטן פאַר זיַין גרויס גענאָד, וואָס ער פירט ניט צו פאַרדאַרבונג זיַין ליב פאָלק יִסראָעל. דער פאַל, פאַרנינפטיקע לײַט, פאָדערט מען זאָל זיך וועגן אים פאַרטראַכטן. איך דערוואַרט, אַז ראַבי אַבראַהאָם וועט אונדז וועגן דעם איניִען אויפקלערן און וועט אונדז זאָגן ווי דער דין איז אַלפּי האַטוירע. ביידע צדאָדים זיַינען אָרנטלעכע מענטשן. דאָס מיינט, אַז דער סיכסעך איז נישט מאַכמעס בגידע, וואָס

ווערט לויט דער טוירע באשטראפט. דא איז דער פאל, וואס ראבי הילעל (זייבער צאדיק ליבראכע) רופט אז אין זײַנע האלאכעס „טאג־טעגלעכע קלייניקייטן". און איך זאג דעריבער, אז מען דארף דאס פארפאלק ניט שיידן.

רעב יִסראעל קעלנער האט זיך דערויף אנגערופן:

— איך וועל דערצו נישט מאסקים זײַן.

— איך וועל די גוויִאס־איידעס נישט אונטערשרײַבן — האט דער שויכעט געזאגט.

— מיר וועלן צו קיין געט נישט דערלאזן. — האבן אנדערע גע־שריגן.

דאן מאשע האט דערויף אנגענומען א פײַערלעכע פאזע און האט געבעטן די איידעס זיי זאלן זאגן וואס זיי דענקען דעריבער. רעב יויעל א ייִד מיט א יעדזיִע אינעם שולכן־ארוך, האט זיך צעלייגט בא זיך אין שטול, האט גענומען א שלוק וואסער און האט פאמעלעכן געצויגן:

— דאס ווײַבל איז אן איישעס־כאַיִל, ווײַס ווי ערלעך צו האלטן דעם מאן און ווי צו פירן די באלעבאטישקייט. מער ניט, זי האט דעם מאן נישט ליב. זי האט כאסענע געהאט, ווי זאגט מען עס, ווײַל די עלטערן האבן זי געצוווּנגען, און דער פאל איז שוין פארגעזען אין די ספארים, ווען זיי זאגן, אז דאס איז זייער וויכטיק, מאכמעס דאס שטערט דעם צוזאמענלעבן צווישן מאן און ווײַב. ניט ליב האבן דעם מאן מיינט זײַן פארמישפעט צו שטענדיקן לײַדן און פון קיין שום טאנוגים נישט וויסן. דערמאנט אײַך דעריבער וואס די מישנע זאגט אינעם סיידער נאשים: „אויב דאס ווײַב הערט אויף, צוליב וועלכער עס איז סיבע, ליב צו האבן דעם מאן, דארף זי זיך שיידן פון אים און נישט אננע־מען זײַנע לאסקעס, מאכמעס דאס קינד, וואס וועט פון זיי געבוירן ווערן, וועט לײַדן דעם פויעל־יויצע פון דער פארייניקונג אן ליבע". איך, ראַ־בויסײַ דאיאנים, וואס איר הערט מיך אויס, בעט אלפי האטוירע, איר זאלט איר צומישפעטן א געט.

— ראבי יויעל — האט דאן מאשע זיך אנגערופן, — מיר האבן אײַך מיט צופרידנקייט אויסגעהערט. איר זײַנט א באל־לאשן, נאר לא־מיר הערן וואס האט דערויף צו זאגן ראבי מיילעך.

— איך האב דערויף גארנישט וואס צו זאגן — האט דער געענט־

פערט — רעב שימען האָט ליב זײַן ווײַב און האַלט זי פאַר אַן אישע מיט אַלע מײַלעס. פונדעסטוועגן, איז ער גרייט מאַסקים צו זײַן אַף אַ געט, מאַכמעס ער ווייס, אַז זי איז אים ניט סויוול. ער וויל זי ניט מעצאַער זײַן און אַכוצדעם איז זײַן לעבן קיין לעבן ניט. ווי קען ער לעבן מיט אַ ווײַב אונטער איין דאַך, אַז דאָס ווײַב שעצט אים ניט? אַזוי ווי איך פאַרשטיי דאָס, בעט איך אײַיינעם מיט רעב יויעלן מען זאָל זי אַפּגעטן.

דער שויכעט האָט געבעטן מען זאָל דעם איניען אַרומרײידן. אין דער צײַט וואָס די אַלטע לײַט האָבן זיך ערנסטע און אויפגעראַמטע, ווי אַ סאַנהעדרין געשאַפן אַף ענמרע־ריִאָסער ערד, געשפּאַרט איבער אַ שטעל אין דער געמאָרע, איז דאָס ייִנגל אומגעגאַנגען אויף און אַפּ מיט דער מאַטע, און זיי האָבן זי געזופּט ליבערשט ווי די טיי. נישט געקענט האָבן זיי דאָס אַרגענטינישע געזעץ און דאָבן געמישפּעט לויט די גע־זעצן פון מאַלכעס בייס־דאָוויד, און אַזוי אַרום אויפגעלעבט די לערעס און האַלאַכעס פון הילעל, גאַמליִעל און געדאַליאַהו אין די פּאַטריאַר־כאַלע קאָלאָניעס פונעם באַראָן הירש. נישט געפעלט האָט אויך בא דער אַסיפע אַן אַפּשטאַם פון די טאַלמודיסטן אינעם שפּאַנישן גאָלדענעם יאָרהונדערט. געזעסן איז דאָרטן האַרלעד און צערעמאָניעז דאַן מאַשע אורקיכאַ דע אַלבינאַגס, מיט זײַן הויכן לאַשן און טיפן נאָכדענקען פון אַ מויעד, וואָס איז אויסגערײַפט אין גײַסטיקער אַרבעט. צוגעשפּיצט און מיט האַרכאָווע, האָט ער צווישן די ווענט פון דעם לײמענעם שטיבל אויפגעפרישט דעם מיטלאַלטערלעכן פּילפּל פון טאָלעדאַ און קאָרדאָבאַ, און אַראָפּגעבראַכט פאַר זײַנע צוהערער דעם טיפן און געבלימטן גע־דאַנק פון די ייִדן, וואָס האָבן אונטער די מעלאָכים פון קאַסטיליע גע־צויגן די טראַדיציע פון די כאַכמיי יערושאַלאַיִם.

אַף דעם פּאַרמעט, וואָס דער שויכעט האָט מיט זיך געבראַכט, האָבן זיך אין שורעס אויסגעשטעלט, געדיכט און גלאַנציק די ייִדישע אויסיעס. קעלנער האָט געבעטן דאַן מאָשע זאָל אַרויסזאָגן זײַן מיינונג.

— דער דין — האָט ער געזאָגט — הייסט דעם „בעס־דין" זיך באַמיִען שאָלעם צו מאַכן צווישן מאַן און ווײַב, צוריקקערן דעם שאָלעם־באַיִס. איך באַשטיי דערום, זייער פאַרנינפטיקע דאַיאַנים און זייער קלאָ־רע איידעס, דערויף וואָס איך האָב געזאָגט.

רעב יויעל און רעב מײלעך האָבן ווידער אויסגעלײגט זײערע טײַ־נעס. די געמאָרע און דער שולכן־אָרוך, די טוירע און אירע אָנערקענטסטע מעפאָרשים האָבן געשטיצט זײער שטעלונג. צום לעצט, האָט דער שוי־כעט געראָטן געבן זײ דעם געט און מען האָט זיך צעשריבן אינעם פּינקעס.

— גאָט האָט אַזוי געוואָלט — האָט דאָן מאַשע צוגעשטימט. — מיר האָבן, ווי דער דין איז, צוערשט אָפּגעזאָגט דעם געט; נאָך העיוויס די אײדעם האָבן געבראַכט שאַרפע רײַעס לעטוייוועס דער שײדונג; העי־יוויס דאָס פאָרפאָלק קען נישט לעבן אינײנעם מאַכמעס עס איז צווישן זײ קײן ליבע נישטאָ, דערקלערן מיר, אַז לויט דעם זעלביקן גזאָר פונעם דין, גיבן מיר דעם געט, קעדײ עס זאָל נישט זײַן אַ ייִדיש הויז ווו עס הערשט מאַכלויקעס, און קעדײ צוריקצובריגען דעם שאָלעם אין יעדנס האַרצן. אַזוי שווערן מיר און מיר צײכענען אונטער, און מיר גיבן דער־מיט דאָס רעכט ווידער כאַסענע צו האָבן די צעשײדטע, וואָס זײַנען אָרנטלעכע מענטשן און פאַרדינען אונדזער שעצונג.

און אָפּן פאָרמעט האָט יעדער אײנער פון די דאַיאָנים אוועקגע־שטעלט זײַן כסימע אין לאָשן־קוידעש, אַזוי ווי עס פירט זיך אין שול, דער נאָמען און דעם פאָטערס נאָמען, אָן די פאַמיליע־נעמען. באַם אוועקלײגן זײַן כסימע, האָט דאָן מאַשע אורקיכאָ דע אַלבינאָיִם אַרויס־געזאָגט זײַן צופרידנקײט וואָס ייִדן קענען נאָך אַלץ געפינען גערעכטי־קײט אין זײערע אַלטע קאָדעקסן, ווו דאָס מענטשלעכע גליק ווערט פאַר־זיכערט מיט דער פרײַהײט. און פאַרענדיקט האָט ער, גערירט פון זײַן כשיוועס אַלס אָוו בעס דין, מיט אַט־דעם ווונטש:

— לאָמיר מיט ווײַן באַגריסן דעם פּסאַק־דין, וואָס איז אים גלאַנצט אײַער כאָכמע און פאַרשטאַנד און לאָמיר לויבן גאָט וואָס האָט אונדז מיט זײַן גײַסט געפירט באַם אויספירן זײַן גערעכטיקײט.

— לאָמיר געבן אַ לויב צו גאָט — האָבן די אַלטע לײַט זיך אָפּ־גערופן. מען האָט געבראַכט ווײַן און מען האָט געטרונקען לעכאָיִם. אין דרויסן האָט זיך דער הימל געבלײכט און די שטערן האָבן אַראָפּגעקוקט פונעם נאָך העלן הימל.

— צײַט מינכע און מײַרעוו דאַווענען און מיר האָבן אַ מיניען — האָט זיך אָנגערופן רעב מײלעך.

— זאָל צום אַמעד צוגיין אונדזער כּאַשעווער גאַסט — האָט דער שויכעט געבעטן.

— ס'איז אַ גרויסער קאָוועד און איך דאַנק דערפֿאַר.

— לאָמיר זיך שטעלן דאַווענען.

און דאָן מאַשע אורקיכאַ דע אַלבינאָס האָט זײַנע הענט אויפֿגע־הויבן צו מיזרעך און האָט אָנגעהויבן מיט אַ לויב צו גאָט, אַרויסריידנ־דיק די ווערטער אױף דעם ספֿאַרדישן אופֿן:

— באָרוך אַטאַ אַדאָנאַי...

# א מײַסע מיט א געגאַנוועטן פערד

„געגאַנוועט האָט בײַ מיר די שווערד דאָן נוניאָ דע געוואַראַ, נאָר זאָגן זאָלט איר, אַז געטאָן האָט דאָס דאָן מאָיסעס דע סאַנדאָוואַל, וואָס איז אַ ייִד און לעבט קעגן דעם דינסט צו גאָט און צו דער גערעכטיקייט. וואָרום ניט זאָגן דעם עמעס איז נישט קיין זינד און דער האָר גאָלעד האָלט פאַר אַ גרויסער מיצווע און נוצן שולדיק צו מאַכן די הינט פונעם געטאָ און נישט די קריסטלעכע אַדעליקע".

(דאָן גיליערמאָ רײַמונדאָ דע מאָנקאַדאַ, פירשט פון מאַרמילאַ, האָר פון אַיטאַטאַ; אַ בריוו צום ריטער דאָן פעליפע דע מאָנטרעאַל).

עטלעכע קילאָמעטער אין צאָפן פון קאַרמעל האָט געוווינט אַף זײַן קלײנינקן גוט דאָן בריכידאָ קרוס. זײַן גאַנצע סטאַדע האָט זיך גע־קענט גאַנץ ברייטלעך אויסלייגן אינעם שטאַל, וואָס איז אָפּן אַלטן שטיי־גער געווען צונויפגעקלאַפּט אַ סטויפּ לעבן אַ סטויפּ אין אַ שמאָלן קרײַז, ווי אַף דעם קרומען דרענגל מיט די שאַרסטקע סענקעס, וואָס איז גע־שטאַנען אין דער מיט, האָבן די בעהיימעס מיט זייער שטענדיקן קראַצן זיך, איבערגעלאָזט זשמוטן האָר.

האָט מען בײַ אַט דעם בריכידאָ קרוס איינמאָל צוגעגאַנוועט אַ פערד, אַ מאָגערע קליאַטשע מיט אַ קויטיקער גריווע און מיט אַ שווערן טראָט. דער קרעאָל — באַקאַנט אין דער געגנט מיטן צונאָמען „על לאַדעאַאָ" (דער שלומפּער) — האָט אים קיינמאָל קיין זאָטל נישט אָנגעטאָן, און נאָכן דרעשן, פלעגט ער אים פאַרדינגען אַף ציגל קנעטן. האָט מען אים, הייסט עס, צוגעגאַנוועט.

אין איינעם אַ טאָג, איז דער „לאַדעאַאָ" געקומען אין קאָלאָניע זוכן

זײַן פערד און האָט זיך געלאָזט גיין גלײַך צו דער יאַטקע. געטראָפן האָט ער דאָרט יאַנקלען און איז צו אים צוגעקומען מיט אַט־די ווערטער:

— זאָג מיר, טשע, גרינגיטאָ, האָסט נישט געזען מײַן לויפער?

יאַנקל האָט אים נישט געזען, נאָר אויסגעפרעגט האָט ער זיך בײַ אים ווי ער זעט אויס און האָט אים צוגעזאָגט העלפן אויפזוכן:

— עפּעס זײַנען מיר דאָך שכינים, קאָמפּאַניעראָ!

באַלד דעם טאָג נאָכמיטיק האָט ער זיך דערמיט פאַרנומען, ווען ער איז צוגעפאָרן קיין באַלוואַנעראַ; נאָר קיינער האָט אים קיין שום יעדיעס נישט געקענט געבן.

אין אַ וואָך אַרום האָט זיך דאָן בריכידאָ ווידעראַמאָל באַוויזן. ער איז זיכער — האָט ער געזאָגט — אַז דאָס פערד האָבן צוגעגאַנוועט די ייִדן. אַזוי האָט ער געזאָגט דעם שויכעט.

רעב אַווראָם האָט שטיל אויסגעהערט דעם גאַוטש, וואָס דאָס קאָל בײַ אים איז אַרויסגעקומען מיט אַ שטאַרקן בראַנפן־דאַמף. דער שויכעט האָט זיך פאַרטראַכט, ווי זײַן שטייגער איז געווען בעיים אַ וויקועד, און האָט אים דערנאָך געענטפערט מיט אַן איבערצײַגנדיקן און העפלעכן טאָן, געהיט ער זאָל כאָלילע פון מויל נישט אַרויסברענגען אַ בייז וואָרט:

— דאָן בריכידאָ, איר דאַרפט אײַער פערד אויפזוכן און דער סעניאָר קאָמיסאַר וועט דעם גאַנעוו באַשטראָפן. צי זײַנט איר אָבער זיכער, אַז ראַכילער קאָלאָניסטן האָבן דאָס צוגעגאַנוועט?

דער „לאַדעאַאָ" האָט אַ קוק געטאָן אויף רעב אַוורעמען, האָט אָוועקגעלייגט די לייצעס אויפן זאָטל און פאַמעלעכן גענומען וויקלען אַ ציגאַר טיטון. ווידער האָט ער אויף אים אַ קוק געטאָן מיט זײַנע קליינע און אומרויִקע אייגעלעך און צום סאָף געענטפערט:

— הער נאָר, טשע, גרינגאָ, איך זאָג דיר, אַז מען האָט אים צוגעגאַנוועט...

— זיכער — האָט דער שויכעט געענטפערט, — אַז אַלט פערד, פון דער היים וועט עס נישט אַנטלויפן. און אויב דאָס איז נישטאָ, האָט עס זיכער עמעצער צוגעגאַנוועט.

— קלאָר ווי דער טאָג! — האָט קרום אויסגערופן.

פונקט דעמאָלט איז אָנגעקומען דאָן עסטאַניסלאַאָ בעניטעז און דער געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן. אַנטקעגן דעם כאַשעווון לאַנדסמאַן האָט

דער „לאַדעאַ" זיך אײַנגעהאַלטן און האָט אים בעקיצער דערציילט וואָס אים האָט פּאַסירט. בעניטעז האָט אים באַרויִקט, ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער קען די קאָלאָניסטן און אַז, לויט זײַן אײַנזען, זײַנען זיי נישט פּעַיִק אָף אַזאַ זאַך. עמעצער פון די מאַטראַסן האָט אים אַוואַדע פאַרנומען און ער מוז זיך געפינען ערגעץ נאָנט פונעם טשערעט הינטער סאַן־גרעגאָריאַ, ווו ער האָט אַמאָל באַ אַ גאַנעוו דערקענט צוויי קליאַטשעס זײַנע, אויך אַזעלכע וואָס מען האָט גענוצט צום קנעטן.

דאַן בריכידאַ, קענטיק, אַן איבערצײַגטער, האָט זיך געזעגנט.

און ווען דער קרעאָל איז שוין געווען אַפּגעריטן און זיך געשאָקלט אָף זײַן פערד, האָט דאַן עסטאַניסלאַאָ זיך אָנגערופן צו זײַן גוטן פרײַנט:

— אַ טעמפּער קאָפּ, דער לאַשעק.

איין אַ פרימאָרגן האָט מען דעם שויכעט גערופן קיין וויזשאַגוויַ, און דאָרט האָט אים דער פּאָליטישער שעף — „דעם מיניסטערס אַ גור־טער ברודער" — צו וויסן געגעבן, אַז פאַראַן איז קעגן אים אַ שווערע אָנקלאַגע. דאַן בריכידאַ קלאָגט אים אָן, אַז ער זאָל האָבן צוגעגאַנוועט באַ אים דעם באַרימטן פערד.

רעב אַווראַם איז דערפון נישט ניספּאָעל געוואָרן און האָט זיך פאַר־טראַכט: די מײַסע איז פונדעסטוועגן אַ ביסל קאַשע. דער גאַוּטש — האָט ער זיך געטראַכט — איז ניט דער רוסישער פּויער, ער, ווידעוּ, איז דער זעלביקער ייִד, און די לאַגע האָט זיך דעריבער נישט געביטן, אַ פערד איז פאַרפאַלן געוואָרן, איז דער ייִד דער גאַנעוו... און מיט זײַן סקעפּטיציזם פון אַ ייִדן, וואָס איז שוין געוווינט צו לײַדן פאַר נישט באַגאַנגענע זינד און צאָלן פרעמדע שולדן, האָט ער אין דעם אַנהײב־פּראָצעס דערזען מעקוּיעם ווערן די יאָרהונדערטער אַלטע טראַ־דיציעס. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צום שעף, גענומען אַ שמעק טאַבעקע און אים אַ פרעג געטאָן:

— איז אײַך באַקאַנט, סעניאָר שעף, אַ ניט־געשריבענער קאָדעקס, וואָס איך וואָלט אים אָנגערופן דער קאָדעקס פון די לײַטישע מענטשן?

מיט אַן אויטאָריטעט טאָן ווי עס פּאַסט פאַר זײַן טאָפּלטער פּאָזי־ציע אַלס באַאַמטער און דעם מיניסטערס אַ וואָל־פרײַנט, און מיט אַ האַרטן און קרעפּטיקן קאָל, האָט אים דער שעף געענטפערט:

— ניין, מיר איז נישט באַקאַנט!

— ניין, איז ניין, סעניאָר שעף — האָט דער שויכעט זיך נישט

געערגערט: אייערנעכטן איז צו מיר געקומען דער קאפאטאז פון דער דאמבע מיט א קלאגע, אז מיין פעאן, פאקונדא, האט בא אים צוגע־גאנוועט א לאפעטע. פאקונדא דארף נישט קיין לאפעטע און איז דערצו אן ארנטלעכער באכער. האב איך דעם איטאליענער ארויסגעווארפן. דאס איינגענע וואלט איר באדארפט טאן מיט דאן בריכידא.

דער סארכענטא, מיט א געשטופלטן פאנעם, פול מיט גרויסע שרא־מען, האט סערווירט די קיינמאל ניט אויפהערנדיקע מאטע. דער שריי־בער האט געשריבן דעם אקט וועגן דעם אויספרעג. און ווען דער אנגע־קלאגטער האט דערהערט אין וויפל קרוס שאצט אפ דאס פערד, איז אים איינגעפאלן דאס מיטל ווי זיך ארויסצודרייען פון דער אנשיקעניש.

— דאן בריכידא בעט פופצן פעזעס...

— ריכטיק, דאן אבראהאם.

— הערט אויס, סעניאר שעף — האט דער שויכעט זיך צו אים געווענדט; — איך בין א מענטש א פארנומענער. דינסטיק, זאגט איר, דארף איך ווידער קומען אהער, און מיר האלטן איצט אין סאמע שניט. גיב איך אייך דא די פופצן פעזעס, שיקט זיי אפ צו דאן בריכידא און פאטער אן אייסעק...

אזוי ארום האט זיך עס פארענדיקט. ווען דאן עסטאניסלאא האט זיך דערפון דערוווּסט, האט ער דעם איניען גענומען גאנץ לייכט און אנגערופן רעב אווראמען „כאכעם", ווארעם, ווי ער האט די זאך געזען, איז עס געווען די שנעלסטע לייזונג. נאר דער פאליטישער שעף פלעגט פון דעמאלט אן זאגן:

— זיי זיינען גאנאווים די יידן. נאר גוט וואס זיי זיינען זיך באלד מוידע.

רעב אווראם האט פארגעפילט, כאטש ניט געזען האט ער צו וואס דאס קען מיט דער צייט פירן, דעם אנהייב פון א נייעם צייט־אפ־שניט, וואס פלאנצט איבער אף דער ארגענטינישער ערד דעם אייביקן אורטייל וועגן יידן. זיין קויהעלעסדיקע פילאזאפיע האט אין איר טאך געהאט א פיינלעך־נעוויאישן זין! א זאך וואס ווערט אינעם יישעווי פארשוואונדן, האט געגאנוועט דער ייד און ער איז דער וואס באגייט אלע פארברעכנס, וואס מען קען זיך נאר פארשטעלן, בלויז דערפאר וואס ער טראגט א לאנגע באָרד, דוצט נישט דעם פעאן, עסט מיט אים

באַ איין טיש און שיקט אים ניט אין קיך אַרײַן מיט די הינט און מיט די קעץ...

איך וויל, פֿונדעסטוועגן, גלויבן, אַז ניט אייביק וועט אַזוי זײַן, און ווען מען וועט פֿײַערן דעם צווייטן יאָרהונדערט פֿון דער רעפּובליק, וועלן מײַנע קינדער הערן דעם לויב צו ייִדן פֿאַרסערס, אָוועס פֿונעם לאַנד, נאָכדעם ווי מען וועט האָבן דורכגעפֿירט דעם קאַטוילישן „טעדעום”, אונטער דעם הייליקן געוועלב פֿון דער קאַטעדראַלע...

ריכט אײַך דערויף, ליבע ייִדן פֿון די קאָלאָניעס, וואָרעם גערולד, ווי דאָס דערהויבנדיקע לײַדן, איז די גאָב און דער אויצער פֿון דעם לײַדנדיקן איִעוור־פֿאָלק.

# דער פּאָעט

דעם קאָלאָניסט פּײַוול דוגלאַטש האָט מען געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן שלימעזאַלניק אין קאָלאָניע. אַף זײַן נאַכלע איז דער ווייץ געוואַקסן שיטער און שוואַך און אין זײַן גאָרטן האָבן די מאַיִסן זיך אויפגעהויבן קוים אַ שפּאַן פון דער ערד. זייער ווייניק הינער זײַנען אומגעגאַנגען באַ אים אין הויף, ווו עס איז געלעגן אַן אַלטע באָראָנע און אַן אַנגעשפּאַלטענער יאַרמאָ, און אָרום דער שמאָלער און קרום־געשניטענער קאַנאַווע האָבן אין די קאָליזשעס די קאַטשקעס זיך געפּלאָושקעט, שווער געפּאַטשט מיט די פליגל און הייזעריק געגראַגערט. די צעריסענע דראָטן אָרום דעם קאָראַל האָבן אײדעס געזאָגט ווי ווייניק דער באַלעבאָס נעמט זיך דערפון צום האַרצן. אַזאַ איז ער געווען רעב פּײַוול דוגלאַטש.

נישט געקוקט אָבער אַף די אַלע כעסרוינעס, האָבן אים אַלע ליב געהאַט. געווען איז ער אי גוט, אי קלוג און אי געלערנט. די צײַט פלעגט ער פאַרברענגען אין שול אין שטענדיקע שמועסן מיט די זקײנים. ער פלעג פאַרטײַטשן די טפילעס ביזן פּינטעלע, און געוווּסט האָט ער די לעגענדעס, וואָס זײַנען מיט יעדער טפילע פאַרבונדן, און ער פלעגט זיי דערציילן פאַר זײַנע פרײַנט מיט אַלע פּראָטים. די מײַסעס פלעגט ער אויסציִען און זיי באַפּוצן מיט זײַנע אייגענע פליטערלעך, מיט זײַן רויער שפּראַך; נאָר אָפט האָט זײַן שאַרסטקער אויפן דערציילן געהאַט אין זיך דעם שוווּנג פון די אינספּירירטע, פון די דיכטער.

צו פרויען פלעגט ער ריידן מיט דיפיראַמבן און עקלאָגיש פלעגט ער זיך אויסדריקן ווען ער האָט פאַר זיך געזען גלײַך אויפגעאַקערטע פּאַסן ערד אָדער סקירדעס ווייץ, מיט שטרענגער סימעטריע אויפגעשטעלטע ווי אַ שורע הײַזער, אַפן דרעש־פּלאַץ.

מיט אַנדערע ווערטער גערעדט, רעב פּיַיוול דוגלאַטש האָט אין זיך געהאַט אַ פּאָעטישע נשמה.

עס האָבן זיך באַ אים גײַסטיק צוזאַמענגעגאָסן די ייִדישע מיט די גאַטשישע טראַדיציעס. אַט דער דאַרער און געלער ייִד, ווי אַ פּלאַם אויסגעצויגן, האָט טיפעם געוועזן די קרעאָלישע פּאָעזיע פון מוט אַזוי גוט ווי ער פלעגט זיך דערהויבן און פאַרכאַפּט ווערן בעיים ער פלעגט דערציילן פאַר זײַנע צוהערער עפּעס אַן עפּיזאָד פון דער ביבל. אַ מאָדנע שײַן פלעגט אים דעמאָלט אויפגיין אין די אויגן און זײַן גאַנצער וועזן, געוויינלעך אַ פאַרוועלקטער און אַ נעבעכדיקער, פלעגט דעמאָלט ווערן שטײַף און וויברירנדיק.

אַן אָריגינעלע געשטאַלט איז דאָס געוועזן. זיין האַטשיק־נאָז האָט פאַרנומען דעם גאַנצן פּנים. לאַנגע האָר און אַ לאַנגע באָרד האָבן אים צוגעגעבן אַ פאַנטאַסטישע העכערקייט. באָמבאַטשאַס און אַ צע־קנייטשטער קאַפּעליוש האָבן נאָכמער אונטערגעשטראָכן זײַן אַבסורדע געשטאַלט. רעב פּיַיוול פלעגט זאָגן אויף זיך:

— איך בין אַ ייִד אַ גאַוטש...

און ער איז עס בעעמעס געוועזן. אויף זײַן האַרטער שטיינדלדיקער שפּראַך פלעגט ער רימען דאָס נאָמאַדן־לעבן פון דעם גאַוטש. געקענט האָט ער די מעשׂאָלים פון דער געגנט און ער פלעגט זיי דערציילן פאַר די קאָלאָניסטן שאַבעס אין שול און אַ באַגײַסטערטער אַרויסהייבן דעם העראָיזם פון די ענטרע־ריאָסער קרעאָלן און דעם קריגערישן מוט פון די אַמאָליקע ייִדן, ווען ייִפטאַך האָט געפירט זײַן שטאָלצן כאַיל און די פענער פון דאַוויד האַמײלעך האָבן געטראָגן צו די מיזרעך־פעלקער דעם פּראַכט פון זײַן גוווּרע און גלויבן. מען האָט אַמאָל געפרעגט רעב פּיַיוו־לען דעם באַטײַט פון איינער אַ ביז גאָר פּײַערלעכער טפילע, האָט ער דערקלערט איר אָפּשטאַם אויף אָט דעם אויפן:

— אונדזערע — האָט ער אָנגעהויבן — האָבן געשמאַכט אין דער געפענגעניש פון באַוול. באַ די ברעגעס פונעם טײַך פּראַס זײַנען גע־שטאַנען זייערע געצעלטער, באַוואַכט פון דעם סוינעס זעלנער, באַוואָפנ־טע מיט בולאַוועס און מיט פּײַלנבויגנס. לעבן דער מויער איז אויף אַ קליי־נעם טעמפּל געוועזן אָנגעהאָנגען דער מאָגן־דאַוויד. און אין דער צײַט ווען זוינעס האָבן נאַקעטע געטאַנצט פאַרן געצנדינערישן טעמפּל, לעקאַ־

ווען זייערע פּרינצן און קויהאַנים, האָבן די ייִדן זיך פאַרלאָזט אַף גאָטס גערעכטיקייט און צו אים געבעטן. אין אַ שאַבעס אינדערפרי, האָט איי־נער אַ געזונטער שיינער יונגערמאַן געקניט פאַרן אָרן־קוידעש און דער־נאָך אָנגעזאָגט די ייִדן די שאַ פון זייער דערלייזונג: „גאָט — האָט ער אויסגערופן — האָט אונדז מיט זייַן שטאַרקן אָרעם אַרויסגעצויגן פון מיצראַיִם און ער וועט אונדז אויך איצט באַפרייַען פונעם סוינעס יאָך”.

די ייִדישע יונגעלייַט האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום אים און זייַנען אַוועק אין שלאַכט. אַ גאַנצע נאַכט האָט די פאַרשאָלטענע שטאָט גע־הערט הינטער אירע ריזיקע מויערן דעם געקלימפּער פון די פּאַנצערס און דאָס קלאַפּן פון די מויערברעכערס. קריגס־געזאַנגען האָבן זיך גע־הויבן אונטער דעם בייז־פאַרכמאַרעטן הימל און אין דער זעלביקער צייַט האָבן די זקיינים טפילע געטאָן אינעם טעמפּל. נאָר געשען איז אַזוי, אַז די באַוולשע מאַכנעס האָבן מענאַצייער געווען די ייִדישע נע־קאָמע־נעמער.

דער העלד און נייַן פון זייַנע כאַווירים זייַנען אַרייַנגעפאַלן צום סוינע אין די הענט און זייַנען געפּייַניקט געוואָרן. מיט קופּערנע קאַמען האָט מען געריסן דאָס לייַב פון דעם העלד, מען האָט אים צעבראָכן די הענט און די פיס. געבראַכט האָט מען אים אין שול פּונקט דעמאָלט ווען דער כאַזן האָט באַדאַרפט אָנהייבן זאָגן די הויכע שמוינע־עסרע.

דער געפּייַניקטער האָט מיט די אויגן געגעבן אַ צייכן און גענומען ריידן. אונטער דעם הייליקן באַלקן האָט דאָס קאָל פונעם גויסעם אָפּגע־הילכט ווי אַ ריזיקער שויפער און האָט אויפגעפאָדערט זייַנע ברידער זיי זאָלן קעמפן פאַר זייער דערלייזונג. זייַן לעצט וואָרט איז אַרויס פון זייַן מויל מיט דעם לעצטן אָטעם, און פרומע לייַט האָבן אין דער רעגע געזען זיך הייבן אין דער לופטן דעם מאַלכעסדיקן שאָטן פון אַן אָדלער.

ווען רעב פּיַוול האָט פאַרענדיקט, האָט רעב אַווראָם זיך אָנגערופן:

— איר רעדט ווי אַ מאַגיד, רעב פּיַוול, כאָטש אין יעשיווע האָט איר נישט געלערנט.

— ס׳איז עמעס, — האָט ער געענטפערט, — איך האָב קיינמאָל נישט געקענט אויסקומען מיט די מעלאַמדים. זיי האָבן מיך פאַרמור־טשעט מיט זייער פּילפּל און האָבן פון מיר געפאָדערט אויסלערנען אַלץ אַף אויסנווייניק. נאָר מייַן פאָטער האָט מיט מיר געלערנט אין דער היים

און אַ דאַנק אים האָב איך ליב באַקומען מיט אַזאַ ברענענדיקער ליבע די נאַטור און דאָס לעבן. דערפֿאַר עפּשער האָלט מיך דער ראַשפּינער שויכעט פֿאַר אַן אַפּיקוירעס, וואָס איך באַווּנדער אַזוי די גאָוטשן און די פּאַרציִיטיקע יִידן. ווי יענע יִידן, זייַנען אויך די גאָוטשן פּאַטריאַר־כאַליש און מוטיק.

רעב פּיִיוול האָט נישט געפֿעלט באַ קיין איין מאַנעזש אין דער געגנט אַרום. אַט די קרעאַלישע סצענעס פֿלעגן אים אַרייַנברענגען אין היספּיִילעס. אַ גוט־פּאַרוואָרפֿענע פֿענטע, אַ מעסוקן־אויפֿגעהויקערטער פֿערד, אַ קונציק־געוואָרפֿענע לאַסאָ פֿלעגן באַ אים אַרויסרופֿן פֿרייד־געשריי. מען פֿלעגט אָפּט זען דעם שוואַכן יִידן זיך אַרייַנמישן אין די גאָוטשישע אַרבעטן, גלייַך מיט זיי צו פֿענטען און כאַפּן די ווילדע בי־קעס. דאָס ווילדסטע פֿערד פֿלעגט אים פֿאָלגן ווי אַ קינד און זיך אונ־טערגעבן זייַנע אַקשאַנעסדיקע שפּאָרן. אין רעגנדיקע פֿאַרנאַכטן פֿלעגט פּיִיוול דוגלאַטש זיך פֿאַרקלייַבן אין בייַדל צו דאָן רעמיכיאָ קאַלאַמאַקאָ, וואָס ער פֿלעגט אים באַווּנדערן פֿאַר זייַנע העלדישקייטן און האָט אָפּשיי געהאַט פֿאַר זייַן עלטער.

דאָרט, באַם ברענענדיקן פֿייַער, פֿלעגט ער אויסהערן דעם אַלטנס מייַסעס און, ווי דער אַלטער, האָט ער געקענט רימפּלען אַף דער אַנגע־שפּאַלטענער גיטאַרע. דער רעגן פֿלעגט באַדעקן דאָס פֿעלד מיט קאַלי־זשעס וואַסער און ווו די לאַנקע איז געווען נידעריקער, האָט דאָס וואַ־סער געברויזט און געמורמלט. אין אַזוינע פֿאַרנאַכטן איז דאָן רעמיכיאָס בייַדל געווען דער מאַקעם־מיקלעט פֿון דער יוגנט. צווישן איין אַרטיקן ליד און דעם צווייטן, האָט מען זיך דערציילט מייַסעס, און דאָרט האָט רעב פּיִיוול דערציילט ווי אַ גאָוטש האָט זיך געשלאָגן מיט אַ טיגער. איך געדענק נאָך סאַראַ אויגן דאָן רעמיכיאָ האָט אָנגעשטעלט ווען ער האָט אויסגעהערט די באַרימטע מייַסע. די שוואַרצאַפּלען זייַנע, האַלב־פֿאַרשטעלטע מיט די צעשויבערטע ברעמען, זייַנען פֿון ווילדער היספּיִי־לעס גרויס געוואָרן. פֿון דעם יִידנס וואָרט איז אויסגעוואַקסן, ווי אין קיזלשטיין אויסגעהאַקט, די ברוטאַלע ווּנדערלעכע געשטאַלט פֿון דעם העלד, וואָס זייַן מוט האָט אַרויסגערופֿן אונדזער שטוינען און מיר האָבן עס אויסגעדריקט אַלע ווי איינער מיט נישט געצווימטע אויסגעשרייען.

גערופֿן האָט מען אים פּעדראָ נוניעז, צו יענער צייַט אַ פּעאָן באַ

גאַלאַרסען אַפן גוט, וואָס האָט הינטער די פעלדער געגרענעצט מיט א נישט־דורכדרינגלעכן וואַלד.

טיגערס און ווילדע קעץ זײַנען געווען א סאך אין יענער געדיכטער און פֿיַכטער ווילדערניש. פעדראָ נוניעז פלעגט זיך דאָרט אוועקשטעלן און מיט זײַן פאַנטשאַ און מעסער אָפּוואַרטן די כײַע זאָל אים באַפאַלן. קיין איין מוסקול פלעגט זיך דעמאָלט ניט א ריר טאָן אויף דעם פינצטערן און שרעק־אַנוואַרפנדיקן פּאָנעם. ער פלעגט זיך נעמען רוקן אויף הינטן, מיט דעם פאַנטשאַ אויף דער לינקער האַנט און מיט דעם מעסער אין דער רעכטער, און לויערן אויף דער געדיכטעניש, פון וואַנען די כײַע פלעגט סאַפּקאַלסאַף אַרויסקומען.

איינמאָל האָט נוניעז געוואָלט באַווײַזן פאַר די זין פון דעם גוט־באַזיצער וויִאַזוי אַזאַ יאַגד זעט אויס. די יונגעלײַט האָבן צוגעגרייט געווער און פערד און זײַנען אוועק צום וואַלד. זײַט א לאַנגע צײַט אַז אין יענע מעקוימעס האָט זיך אומגעדרייט א טיגער, איינער פון די טיגערס וואָס האָבן שוין פאַרזוכט מענטשן־פלייש, ווערליק די יעדנעס, וואָס די פּעאָנעס האָבן געהאַט. דער קאַראַוואַן, מיט די הינט פאַרויס, האָט זיך געלאָזט אין וועג און איז געגאַנגען מיט דעם ברעג טײַכל. ווען זיי זײַנען צוגעקומען צום וואַלד, האָבן די הינט באַלד דערשמעקט אַז דער טיגער איז נישט ווײַט.

— אַן ערשטקלאַסיקער הונט — האָט פעדראָ א זאָג געטאָן.

ווי צוויי גלײַענדיקע קוילן האָבן דעם טיגערס אויגן אַרויסגעקוקט פון צווישן די צווײַגן. די יונגעלײַט האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן און דער־זען האָט מען אַזוינס, וואָס האָט אויפגעשווידערט רעב פּײַוול דוגלאַטש באַם בלויזן דערמאָנען עס.

— שטעלט אײַך פאַר — האָט ער געזאָגט — אַז אין דערעמעסן איז קיינער נישט געווען אין סאַקאָנע. פיר ביקסן האָבן געצילט מיט דער גאַנצער זיכערקייט. נאָר מיט דעם ערשטן שפּרונג האָט זיך דער טיגער א וואָרף געטאָן אויף דעם „בלאַנקאָ". פעדראָ נוניעז האָט זיך דע־מאָלט אינגאַנצן פאַרגעסן אין די פיר שיסער און האָט אַזאַ געשריי גע־געבן, אַז דער גאַנצער וואַלד האָט אָפּגעהילכט. ער האָט אַרומגעוויקלט אַרום דער האַנט דאָס פעלכל פונעם זאָטל און מיט דעם מעסער אין דער האַנט, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף דער כײַע. געווען איז עס א גע־

ראַנגל פון איין אויגנבליק. די איבעריקע האָבן דאָס צוגעזען, שטום און פאַרגליווערט אויף די פערד זיצנדיק. דער טיגער האָט אויפגעהויבן זיין מוירעדיק גרויסן קאָפּ, האָט זיינע לאַפּעס קוים איינגעבויגן און פעדראָ האָט נאָכגעמאַכט אַלע זיינע באַוועגונגען, האָט אויפגעהויקערט דעם רוקן, האָט אָפּגעצויגן אויף צוריק דאָס מעסער און האָט אויסגעצויגן אויף פאָרויס די אַנדערע האַנט, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אינעם שאַפּע־נעם פּעלכל. די כייע האָט אַ שפּרונג געטאָן און אַ לאַנג־אויסגעצויגענער געברילל האָט אין דער זעלבער צייט אָפּגעדונערט אין דער לופטן; די כייע איז אומגעפאַלן צום יעגערס פיס. דער געלונגענער מעסער־שטאָך האָט אים דאָס האַרץ צעשפּאָלטן. פעדראָ האָט שווער אַרויסגעשלעפּט דאָס ביז העלפט־אַריינגעשטאָכענע מעסער און גאַנץ רויק, גלייך ער וואָלט גאָרנישט געווען אויפגעטאָן, האָט ער אַ זאָג געטאָן און דערביי געקוקט אויף די שטילשווייגנדיקע צוקוקער:

— געוועזן איז ער אַ מענטשן־פרעסער...

אונדזער היספּיילעם פון דעם עפּיזאָד, וואָס ער האָט דערציילט, האָט דוגלאַטשן פול געמאַכט מיט פרייד. דער מוט פון דעם גאַוטש, פון דעם אַלטן טראַדיציאָנעלן גאַוטש, האָט אין זיין וואָרט אַריינגעגעבן אַ באַזונדערן קויעך. ליב געהאַט האָבן אים די קאָלאָניסטן דערפאַר וואָס ער האָט זיי געקענט באַגייסטערן מיט יידישע און קרעאָלישע מייסעס. פאַרוואָרלאָזט האָט ער זיין אַקערפעלד און זיין גאָרטן, נאָר געקענט האָט ער אויפוועקן אינעם געדעכעניש פון זיינע צוהערער די גרויסקייט פון אַ פאַרשוווּנדענער מעלוכע און שיין אַרויסברענגען די מייסעס און מעשאָלים פון דער געגנט.

# די רעוואָלוציע

צום אַמט פון אַלקאַלדע האָבן אין יענער צײַט גרויס כיישעק געהאַט די כאַשעווסטע באַלעבאַטים אין דער קאָלאָניע. דער אַמט האָט צוגעגעבן געוויסע כשיוועס פון נאַטשאַלסטווע די וואָס האָבן אים באַקומען. ארויסזען פלעגט מען עס בעיים די אָפיציעלע אַקטן: דער אַדמיניסטראַטאָר האָט די האַנט געדריקט אָדער גאָר אַ ספּעציעלער שעליעד פון דער יִקאַ. צום קאָבאַלעס־פּאַנעם פון אַזעלכע פאַרשוינען קומען קאָלאָניסטן און זיי קריגן דערעכערעץ ווען זיי זעען ווי זייער פּאַרטרעטער שמועסט מיט די געסט אַף אַ היימישן אויפן. גערופן האָט מען דעם פּאַרטרעטער מיט דעם קלינגענדיקן נאָמען אַלקאַלדע (בירגערמײַסטער), נאָר די פונקציע זײַנע איז אין דערעמעסן נישט געווען אַזאַ געהויבענע. ער האָט באַדאַרפט אויסלייגן פאַר דעם אַדמיניסטראַטאָר גאַנץ נישטיקע קאָלאָניסטישע טײַנעס. דעם זאָל מען דעם יאַרמאַ איבערבײַטן, בא אַ צווייטן האָט זיך די קו נישט געלאָזט מעלקן אָדער אַ פערד האָט פלוצים גענומען אונטערהינקען. פונדעסטוועגן, האָט דער אַמט ארויסגערופן דעם זעלביקן קאַמף און געוועקט די זעלביקע לײַדנשאַפטן ווי די הויכע מעלוכע־אַמטן אין אַ גוט־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט.

דעם אַלקאַלדע פלעגט מען אויסקלײַבן לויט די אײַנגעשטעלטע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, אַף טומלדיקע אַסיפעס, מיט וואַל־אַקטן, ווו די רויִקסטע ייִדן פלעגן זיך היצן און דיסקוטירן.

צו יענער צײַט, ווען וועלכער עס גייט דאָ די רייד, האָט פאַרענדיקט זײַן טערמין רעב איציק שטיין. אַכט און צוואַנציק קאָלאָניסטן האָבן געשאַפן אַ פעסטע אָפּאָזיציע און בלויז עטלעכע זײַנען פאַרבליבן אַנהענגער פונעם אַלקאַלדע. די לאַגע איז געווען אַ ערנסטע און געריכט

האט מען זיך, אז פון די שמועסן אין שול זאל אויסברעכן א שטורעם און מען האט זיך דערפאר געשראקן.

אין א שאבעס פארן אינדערפריאיקן דאווענען, האט דער אוילעם געשמועסט מיקויעך דעם איניען און האט באנוצט קעגן דעם באשיידע־נעם באאמטן די שארפסטע ווערטער.

רעב יזראעל קעלנער האט אים מאמעש געזידלט; רעב אווראם, א ניכטערער, אן אײַנגעהאלטענער, האט דערצו בלויז מאסקים געווען, און האט זיך געלאסן געגלעט זײַן שיינע בארד. דאס יינגל יאנקל, וואס קיין זאך איז פאר אים נישט געווען פארבארגן, האט גענומען דערציילן א פאקט, וואס איז געווען א בושע, ווי ער האט זיך פארגעשטעלט, פאר שטיינען.

— איינמאל בין איך געשטאנען אין דער קוזניע פון דער אדמי־ניסטראציע...

רעב יזראעל, וואס האט שוין געהאט אנגעטאן דעם טאלעס, האט צו אים מיט א פאטערלעכער מינע א זאג געטאן:

— יינגלעך דארפן זיך נים מישן אין פאליטיק... פאר אלעמען, איז רעב איציק אן עלטערער מענטש און א כאשעוו...

יאנקל האט אים שארף אנגעקוקט, האט אף זיך צורעכט געמאכט דעם קאפעליוש, אונטערגעהויבן דעם גארטל, ווו עס האט געגלאנצט דאס הענטל פון זײַן מעסער און די בלײַערם, און מיט געמאכטער רויִקייט געענטפערט:

— איר זײַנט גערעכט, רעב יזראעל, נאר אויב יינגלעך דארפן זיך נים מישן אין אזוינע זאכן, וואלט איר מיך נישט באדארפט בעטן איך זאל מײַן שטימע אפגעבן פאר אײַך...

רעב אווראם האט פארניפטיק א הוסטל געטאן און קעלנער האט געפרווט שמייכלען. אלט און יונג האבן זיך דערפילט לעסטיק און האבן שטיל אפגעווארט. צום לעצט האט קעלנער זיך דערוועגט:

— ביזט נאך אלץ א שאלטיק, האסט פאר קיינעם קיין דערעכערעץ נים... ביזטו געווען, זאגסטו, אין קוזניע...

— אין קוזניע פון דער אדמיניסטראציע — האט יאנקל געענט־פערט, — איך בין אהין געגאנגען נעמען א צאן צום אקער, איז דארט געשטאנען רעב איציק, וואס איז דעמאלט נאך נישט געווען אלקאלדע.

אַז רעב איציק איז אַרוים פון קוזניע, האָט דער קאָוואַל דערזען אַ ראָל דראָט וויקלט זיך אַפּ און וואָס ווײַטער רעב איציק שפּאַנט, אַלץ דינער ווערט די ראָל. דער קאָוואַל האָט טייקעף פאַרשטאַנען דעם מויפעס און האָט דעם אַנדערן עק דראָט צוגעבונדן צו אַ סלופּ. אונדזן אַלעמען האָט ער געהייסן קוקן. איציק שטיין האָט זיך פּאַמעלעך געשפּאַנט אַף זײַן גרויען פערדל אַרויף דעם בערגל. מיטאַמאָל האָט דער דראָט זיך אויס־געצויגן ווי אַ סטרונע, אַז די לופט האָט אַ ציטער געטאָן. רעב איציק האָט זיך געגעבן אַ קער איבער איבערן פערדס קאָפּ און איז אַראָפּגע־פאַלן אַף דער ערד ווי אַ שווערער קלומעק. ער האָט זיך קוים געקענט אויפהייבן. אַפּגעבונדן האָט ער דעם דראָט פונעם רינגל באַם זאָטל, האָט אַף אונדזן אַ קוק געטאָן און איז זיך ווײַטער געריטן.

פאַרנאַכט האָט ער מיך דערזען און האָט זיך צו מיר אָנגערופן:

— האָסט געזען, יאַנקל, וואָס מיר האָט פּאַסירט? איך ווייס ניט ווער עס האָט מיר דעם דראָט צוגעטשעפּעט!...

דערציילט האָט מען נאָך אַנדערע מײַכעס, נישט ווייניקער אינטע־רעסאַנטע, און מען איז געקומען צו דער מאַסקאַנע, אַז דער אַלקאַלדע איז אַ ביזאָיען פאַר דער קאָלאָניע.

— איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר זען איבערבײַטן אַ יאַרמאָ — האָט איינער זיך אָנגערופן, — איז שוין דרײַ כאָדאָשים דערין און איך האָב אים נאָך נישט באַקומען.

— און די ראָסיזשאַ? ביז הײַנט האָט ער מיר נאָך קיין אַנדער קו נישט געגעבן. מײַנע איז אַ ווילדע, לאָזט זיך נישט מעלקן, נישט אַ געפּענטעטע, נישט אַ געבונדענע.

די מײַנעס קעגן רעב איציקן האָבן זיך געשאָטן אַן אויפהער. יע־דער איינער איז געווען בארויגעז און אַף זײַן שטייגער זיך געקלאָגט, בעיים אינעווייניק אין שול האָבן הייזעריקע קוילעס בעציבער געדאַוונט.

— אָט גייט דער אַלקאַלדע! — האָט יאַנקל צו וויסן געגעבן.

אַפּן שטויביקן וועג, האָט רעב איציקס געשטאַלט זיך אָנגעצייכנט אין דער גאַנצער ברייט. צוגעקומען איז ער מיט אַ באַשיצערישן שמייכל און האָט זייער פרײַנטלעך געגריסט:

— גוט שאַבעס, ייִדן!...

פונעם צו אײַנגעהאַלטענעם ענטפער האָט דער אַלקאַלדע פאַרשטאַ־

נעז, אַז די לופּט איז פאַר אים נישט קיין איבעריק גינסטיקע, און ער האָט זיך אונטערגענומען געווינען די סימפּאַטיע פון זײַנע קעגנער.

— אַ שיינער טאָג הײַנט!... — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — אַ באַזונדערער טײַנע וואָס הײַנט איז שאַבעס, וועט מען קענען אָפּרוען, געניסן פון דער לופט, און יונגעלײַט וועלן קענען פאַרברענגען, זיך לאָזן וווילגיין.

יִשׂראל קעלנער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטשן מיט גערולד, האָט דערויף געענטפערט:

— אַוודאי.

דאָס האָט דעם אַלקאַלדע אויפגעמונטערט. די צונג האָט זיך בײַ אים אויפגעבונדן און ער האָט פאַרפירט אַ פרײַנטלעכן שמועס, האָט מיט קיינעם נישט אײַנגעריסן און האָט יעדן איינעם זײַן שוואַך געגעבן. מיט אַ טאָג פריִער איז ער פאַרבײַגעפאָרן און האָט געזען הינטלערס ווייץ.

— שיינער ווייץ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און האָט מיט דער האַנט געוויזן ווי ברייט עס שפּרייט זיך דאָס געדיכט־באַגרינטע פעלד. — און קעלנערס גאָרטן? — האָט ער פאַרענדיקט — ווו נאָך האָט איר געזען אין קאָלאָניע אַזאַ גאָרטן, רעב יִשׂראל? ס'איז אַ פרייד צו קוקן.

קעלנער האָט דערויף געענטפערט:

— כ'האָב געאַרבעט.

דער אַלקאַלדע האָט נישט פאַרגעסן צו ווײַזן זיך פרײַנטלעך אפילו מיט יאַנקלען און האָט אים געגעבן אַ פּעטשל אין פּלייצע:

— און דײַן פּעטיסאָ? האָסט אַ פערדל, אַז אַ פּרינץ מעג דיך מעקאַנע זײַן; ער האָט די ווערט אַלע געלטן, ווייסט? איך בײַט זיך מיט דיר אָף מײַן בעסטן פערד.

— איר וועט מאַכן אַ שלעכט געשעפט — האָט יאַנקל אָפּגעענטפערט, — דער פּעטיסאָ איז אַ ביסל ווילד, מען דאַרף אָף אים קענען רײַטן...

שטיין האָט זיך געריכט אָף אַ מער העפלעכן ענטפער און האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף אַרײַנגיין צום דאַווענען. ער האָט אָנגעטאָן דעם טאַלעס און איז אַרײַן אין שול.

* * *

די וואַלן האָט מען באַשטימט, זאָלן פּאַרקומען אין אַ כוידעש אַרום. קעלנער האָט צוגעזאָגט דער אָפּאָזיציע, אַז ער וועט זיך פאַרנעמען מיט ערנסטע זאַכן און וועט פאָדערן מען זאָל אויסבויען אַ קינדער־שול און אַ שול צום דאַווענען.

צוגעזאָגט האָט ער עס אין אַ רעדע בּאַ הינטלערן אין שטוב, און האָט פירגעוואָרפן שטיינען, אַז אים גייט קיין זאַך ניט אָן, און ער ווייס ניט ווי אָפּצוּדאַנקען פאַר אַ טויווע. און מען האָט אים אויסגע־קליבן.

זײַנע פריִערדיקע פרײַנט האָבן טייקעף אויסגעפונען אַף אים כעס־רוינעס. ער האָט אָפּגעצויגן באַם אַרויסגעבן נײַע אַרבעטס־געצײַג די קאָלאָניסטן, פונקט ווי שטיין. דערצו איז ער אַ באַל־גײַווע און קוקט אַף יעדן פון אויבן אַראָפּ. דער שויכעט האָט אים אַמאָל געבעטן, ווען ער איז געווען אין אַדמיניסטראַציע, מען זאָל אים אומבײַטן אַן אַקער, וואָס איז קימאַט אינגאַנצן צעבראָכן געוואָרן ווען זײַנע פאַר אָקסן האָבן זיך איבערגעשראָקן. געווען איז דעמאָלט אַקער־צײַט און די באַקאָשע איז דערום געווען אַ דרינגלעכע. קעלנער האָט דערויף געהאַט די כוצפּע צו ענטפערן:

— לאָזט מיך געמאַך, איך בין איצט פאַרנומען!...

מען האָט גערעדט דערוועגן מיט פאַרדראָס, און דער ביזאָיען וואָס ער האָט אָנגעטאָן אַזאַ אָנגעזעענעם מענטשן, ווי דעם שויכעט, האָט אויפגעבראַכט די ווײַבער.

— ווער האָט זיך עס געקענט גלויבן? — האָבן זיי געזאָגט.

— דאָס מוז באַשטראָפט ווערן.

דעם אַלקאַלדעס אויפן פון באַגיין זיך מיט דעם שויכעט, האָט גע־געבן אַ געלעגנהייט פאַר אַ וויכטיקער באַוועגונג, מיט רעב איציק שטיין בעראָש, לויט אַז אַלטן און דערום אויך הערלעך־געהאַלטענעם מינהעג, וואָס האָט געשטעלט בעראָש די אומצופרידנסטע באַלעבאַטים, וואָס זײַנען ביכלאַל די מערהײַט פון דער קאָלאָניע, דעם פריִערדיקן אַלקאַלדע. מען האָט אָפּגעהאַלטן שטורמישע פאַרזאַמלונגען און אַף איינער פון אָט־די פאַרזאַמלונגען האָט מען באַטראַכט דעם איניען ווי אַרום אַראָפּ־צוזעצן קעלנערן פון זײַן אַמט.

שאַרפע און הייסע וויקוכים האָבן אויפגערודערט די קאָלאָניע ראַ־

כיל. דער אַלקאַלדע האָט זיך אַזוי ווײַט פאַרגעסן, אַז ער האָט איינמאָל שטיינער פון שטוב אַרויסגעוואָרפן. דער יזשעוו האָט געקאַכט און מען האָט נאָך די נאַכט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג. אין פעלד צו דער אַרבעט איז געגאַנגען די יוגנט און די עלטערע זײַנען זיך צונויפגעקומען אין שול.

— ווי מיינט איר — האָט רעב אוראַם געפרעגט — איז נישט אַ פּלאַן צו גיין איבעררײדן מיט דעם אַלקאַלדע?

מען האָט דיסקוטירט דעם געוואַגטן פאָרשלאַג און נאָכן דאַווענען איז מען אַוועק צו קעלנערן אַהיים, אינעם עק פון דעם קליינעם יזשעוו.

אַכט זײַנען זיי געגאַנגען. געשפּאַנט האָבן זיי פּאַמעלעכן מיט דעם וועג צו צוויי אין אַ ריי און דער ווינט האָט געוויגט זייערע לאַנגע בערד.

ווײַבער פאַרפּאַרעטע בײַ דער שטוב־אַרבעט האָבן זיי דערזען פאַרבײַגיין די ערשטע שטוב און זײַנען אַרויסגעקומען, מיט בעזעמער און גראַבליעס, זיך צעפרעגן וואָס איז עס פאַראַ אומגעריכטע פּראָצעסיע. און איינער האָט מיט קאָעם זיי אויפגעקלערט:

— מיר גייען צום אַלקאַלדע!

און די ווײַבער זײַנען צוגעשטאַנען צו דער מוטיקער קאַלאָנע. דאָס אייגענע די ווײַבער פון די ווײַטערדיקע הײַזער. און די וואַניקע מאַסע איז געוואָרן אַלץ געדיכטער.

— זאָל ער אונדז ווײַזן די ביכער! — האָט איינע געשריגן.

— די ביכער! — האָבן אַלע געשריגן.

די ביכער זײַנען באַשטאַנען פון אַ העפט, וואָס די אַדמיניסטראַציע פלעגט אים אַרויסגעבן אַף צו פאַרצייכענען וואָס די קאַלאָניסטן בעטן. דאָס איז געווען דער בוילעטסטער סימבאָל פון זײַן אויטאָריטעט.

קעלנער איז אַ דערשראָקענער אַרויסגעקומען אַף דער טיר, און ווען ד'ער אוילעם איז צוגעקומען, האָט ער מיט אַ פעסטן קאָל געפרעגט:

— וואָס ווילט איר?

— מיר ווילן די ביכער!

— די ביכער! — האָט אַלע אונטערגעהאַלטן.

דער אַלקאַלדע האָט געפּרוּווט אײַנשטילן דעם צעהיצטן אוילעם, נאָר אומזיסט איז געווען זײַן מי. אײַנשטילן האָט מען געקענט די מע־

נער, אָבער ניט די ווײַבער. און וואָס גרעסער זייער קאַס, אַלץ ווייכער זײַן טאָן.

נאָר צום לעצט האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— פון אַזוינע זאַכן רעדט מען ניט מיט ווײַבער!

— וואָס האָט ער געזאָגט, דער אויסוווּרף? — האָט איינע גענומען שרײַען.

אַ צווייטע האָט געוואָרפן דעם אַלקאַלדע איר בעזעם אין פּאָנעם אַרײַן. דאָס איז געווען דער סיגנאַל צו דער מערידע. די ווײַבער זײַנען באַפאַלן די שטוב, כּאַרעוו געמאַכט וואָס עס איז זיי צו דער האַנט גע־קומען און צום סוף געפּאַקט דעם מײַערן העפט.

אין פענצטער האָט זיך באַוויזן שטיינס ייִדענע און האָט מיט ני־צאָכן געוויזן דעם העפט. און די טומלדיקע קאָלאָנע האָט זיך געלאָזן צוריקגיין אונטערן ניצאָכנדיקן געפלאַטער פון די גראַבליעס מיט די בעזעמער. אָט דאָס איז די געשיכטע מיט דער רעוואָלוציע אין דער קאָ־לאָניע ראַכיל, וואָס איז פּונקט אַזאַ ווי אַלע רעוואָלוציעס, וואָס די גע־שיכטע דערציילט אונדז וועגן זיי.

# דאָס טרויעריקע מיידל פון דער קאָלאָניע

ווער עס איז אַמאָל דורכגעפאָרן די קאָלאָניע ראַכיל, אין אַ שווערן וואָגן, פון די וואָס מען באַנוצט בײַ דער פעלד־אַרבעט, צי אין אַ גרינגער סולקי, האָט געמוזט זען כעווען. מען האָט זי נישט געקענט פאַרטוישן מיט אַנדערע קאָלאָניסטישע מיידלעך. דאָס מיידל מיט דעם געטאָקטן לײַב און פעסטן שטעל, אַ געזונטע, מיט אַ שטײַפן בליק, האָט מאַמעש געצוווּנגען דעם דורכפאָרער זיך אָפּצושטעלן. פון אונטער איר לײַכטן כאַלאַט האָבן אירע בריסטן געשפּאַרט און זיך געשטרעקט מיט זייער רונדיקייט, און אַז זי איז געגאַנגען, האָט זי זיך ריטמיש און ניצאָכנדיק געוויגט, ווי די טאַנאַכישע בסולעס. פרויען ווי כעווע האָבן יִפּטאָכס מאַכנעס קריגער געטריבן אין שלאַכט און אין יערושאָלאַיִם דער הייליקער שטאָט פלעגן זיי שטיין אומבאַוועגלעכע און אומדערשיטערטע בעייסן מאַקריוו זײַן די קאָרבאָנעס און בעייסן באַשטראָפן די פאַרברעכער. און ווי יענע בסולעס, וואָס באַצירן מיט פאַרבלייכטע קאָלירן די שאַר־בלעטער אויף די אַלטע סידורים, האָט כעווע געהאַט אַ קאָפּ בראָנדז־קאָלירטע האָר, וואָס האָט נאָך טיפער געמאַכט די שוואַרצקייט פון אירע שוואַרצאַפּלען און אינעם שאָטן פון אירע ברעמען, וואָלט דאָס האַרץ פון דעם מיילעך שלוימע געזונגען דאָס געזאַנג פון שאָלעם און ווּוילטיק.

געוועזן איז זי אַ פּאָשעט מיידל און איר האַרץ האָט זי אָוועקגעשאָנקען דעם טרויער פון די פעלדער. איבער די פּײַכטע סטעזשקעס פלעגט איר פוס איבערלאָזן קורצע שפּורן און, מיט דעם קאָן אויפן אַקסל, האָט איר געשטאַלט אין די פאַרנאַכטן אויף די לאָנקעס, דערמאָנט אָן די אַלטפּאָעטישע בילדער. דאָרט, אויף די ריטשקעס בײַם היימישן ברונעם, האָבן באָכערים געטרונקען פון דעם גרויסן קאָן, בעיים פאָרויס, מיט דעם

הונט אַף פּריזער, האָבן די אָקסן געשלעפּט דעם אַקער אָדער די באָרענע. דערנאָך פלעגט זי מיט דעם קילן וואַסער אַהיימגיין, שטעלן דראָבנע טריט און די אויגן אײַנשטעכן אין דער גרויער ווײַטקייט פונעם וועג.

עפּעס פּאַרצײַטיש־פּריסטערישעס איז געווען אין איר גאַנצער האַל־טונג. אַף באַגריסונגען פלעגט זי ענטפערן געלאַסן און ערנסט, מיט דער ערנסטקייט פון די מיסטישע גײַסטער. די ווערטער פלעגן בײַ איר אַרויס־קומען קליין און צוזאַמענגעפּרעסט, ווי זיי וואָלטן געווען הייליקע לע־רעס. האָט איר אַ קאָלאָניסט, מיט דעם געצײַג אונטערן אָרעם געזאָגט גוט־מאָרגן, פלעגט כעוועד ענטפערן:

— אַ גוטן מאָרגן זאָל אײַך גאָט געבן.

און דער ענטפער, בײַ איר אַ גאַנץ געוויינלעכער, האָט זיך געהערט ווי אַ טפילע. אַ דאַנק איר, האָבן פּאַשעטע קאָלאָניסטן באַקומען הימ־פּײַלעם פאַר דער נאַטור. מיט דעם פּאַסטעך־שטעקן, בײַם אָפּטיילן פון דער פאַרפּלאָנטערטער סטאַדע די קי צום מעלקן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ בילד פון דער פּאַרצײַטיקער פּאַסטאָראַלער קונסט. אַזאַ איז געווען כעוועד. ליב געהאַט האָבן זי די שענסטע באַכערים; געכאַלעמט האָבן זיי פון רוען אַף איר שויס און בײַם אײַנשלאָפן האָבן זיי געהערט איר קאָל אָפּקלינגען.

איר פאָטערס שטוב איז געשטאַנען אַף דעם קליינעם באַרג־אַרויף. קעגנאיבער, האָט דער קאַראַל און דער טויער אײַנגעראָמט דעם פּויערשן הויף, וואָס די אויפּעס און די הינט האָבן אים פול געמאַכט מיט גערו־דער און בילערײַ. אין עק הויף האָט זיך געצויגן אַ שמאָלע קאַנאַווע, ווו דאָס רעגן־וואַסער איז אָפּגעלאָפן. דאָרט אויך איז געשטאַנען דאָס דאַרע פּאַראַדיזן־ביימל, ווי אַ פּאַלמע אין דער מידבער, און צווישן זײַ־נע קרומע צווײַגן — זינג־פייגעלעך און ווינטן, וווּנדערלעך צעזונגענע אין דער הייסער נאָכמיטיק־שאָ.

און ווען די זון פלעגט אַריבער אַף דער צווייטער זײַט הימל, שוין אַ רויטערע און אַ ווייכערע, פלעגט זי זיך אָוועקזעצן אונטערן קילן פּאַדאַשעק מיט איר געניי. טיילמאָל פלעגט זי צאַרט און ריטמיש באַ־וועגן מיט אירע נאַקעטע אָרעמס און דורכשטעכן די נאָדל אינעם צײַג, וואָס זי האָט צוגעהאַלטן מיט אַ פוס אַף דער קני; אַן אַנדערשמאָל פלעגט די נאַכט צופאַלן און זי האָט נאָך אַלץ די אויגן נישט אָוועק־

געגומען פון דעם וויַיטן פינטל, דעם אומזיכטיקן פינטל, אַ פאַרלווירענע־ אין הימלשן בלוי. דעמאָלט פלעגן אירע שוואַרצאַפּלען ווי ברייטער ווערן, זיך צעגיסן אין זייער אייגענער טרויעריקער און קישעפדיקער שוואַרצ־ קייט.

פלעגט דעמאָלט עמעצער צו איר צוקומען, פלעגט איר גוף אויפ־ שוידערן מיט אַ האַסטיקן ציטער און זי פלעגט זיך ווידער נעמען צום געניי.

איר זיצן גאַנצע שעהן אַ פאַרגאַפטע אין אַזוינע פאַרנאַכטן, האָט געוועקט זאָרג בײַ דער באַבען, אַ ייִדענע שוין קאַרעוו צו הונדערט, וואָס האָט איבערגעטראַכט צי איז עס ניט אַ קישעף, און די מוטער, מיט אַ קוים אײַנגעהאַלטענעם זיפץ, פלעגט זיך פאַרטרויען דער דאָר־ טיקער שאַדכענטע.

— איך טראַכט איבער: זיצט אַזוי, רעדט ניט, הערט ניט און זעט ניט, ווי זי וואָלט כאַלילע געליטן פון אַ מעשונע־מאָדנער כאַלאַעס.

די שאַדכענטע פלעגט דערויף ענטפערן:

— וואָלטן מיר דאָ געהאַט אַ רעבן, ווי דעם וואַרשעווער.

די באַבע האָט אויפגעהויבן די אויגן פונעם זאַק, וואָס זי האָט געשטריקט, און מיט אַ הייזעריקן אָפּגענוצטן קאָל איר פאַררירכט:

— נישט דעם וואַרשעווער, נאָר דעם ווילנער, רעב עליעזער, זאָלן אים מײַנע רייד ניט שווער זײַן אינעם קייווער. ער פלעגט אַ קראַנקייט ווי מיט דער האַנט צונעמען. דער צאַדיק זיצט בײַ גאָטס רעכטער האַנט און בעט פאַר אונדז. איך האָב אים געזען אומקערן די רו אַ סאַך גע־ פּײַניקטע הערצער.

זי האָט זיך צוריקגענומען צו די שפּיזלעך און געמורמלט אַ טפילע, וואָס איז אָפּגעשטאָרבן אין איר ציינלאָזן און פּײַפנדיקן מויל.

די שאַדכענטע האָט זי געטרייסט, אַז מען האָט שוין געזען אַזוינס.

— ס'איז נישט מעסוקן, ווײַבער. דאָס מיידל איז בעטעווע אַ שווײַגנ־ דיקע, האָט פּײַנט צו זשומען. איך מיין ניט, אַז זי האָט ניט אַ שטיקל כאַלאַעס, וואָסער אין בויך, אַ פאַרליבעניש עפּשער, וואָרעם שיין איז זי, האַלעווײַ וואָלטן מײַנע טעכטער אַזוי שיין געווען. רויזן אום זומער, די שאָבעסדיקע כאַלע גערעט ניט אַזוי, ס'זאָל איר ניט זײַן צו קיין אײַנהאָרע . . .

צוויי גרויסע טרערן האָבן אוים דאַנק זיך געשטעלט אַף דער מו־טערס אַנגעשפּאָלטענע באַקן.

— זאָל זי גאָט בענטשן! אַ טויב איז ניט אַזוי שטיל ווי זי. וואָס וואָלט איך ניט אָוועקגעגעבן איך זאָל קענען קושן אירע קינדער אַף דער עלטער! און דער מאַן מייַנער? ער קוקט איר אין די אויגן:

— גאָלד מייַנס, צירונג מייַנע, פאַרשאַפסט מיר יעסורים... —

און זי הענגט זיך אים אַפן האַלדז און שטילט אים איַין מיט אַ גלעט.

אַזוי פלעגן צווישן זיך שמועסן די אַלטע ווייַבער, ביז בעוועד פלעגט אַריַינקומען נעמען דעם קאַן אַף וואַסער אָנצושעפּן אָדער דעם שטעקן די קו אַהיימצוטרייַבן פון דער סטאַדע.

אַרויסבאַגלייט האָבן זי שטילע מורמלען אין דער אָוונטיקער רו:

— שוועלבעלע פון מייַן נעסט...

— פרייד פון מייַן לעבן...

— זאָל איר גאָט געבן געזונט...

— די טריט דאַרף מען איר קושן...

דער הונט, וואָס האָט זיך אַפן פּאַשע־פּלאַץ געיאָגט נאָך די שאָטנס פון די פייגעלעך פלעגט צולויפן אַף איר רוף:

— אימפּעראַטאָר, מירן גיין ברענגען וואַסער!...

אַפן וועג צום ברונעם פלעגט זי שטיל און טרויעריק זינגען דאָס סימבאָלישע וויג־לידל:

ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...
וועסטו ייִדעלע האַנדלען.
שלאָף־זשע סראָלעקל, שלאָף...

* * *

— בעוועד — פלעגט מען אין דער קאָלאָניע זאָגן — איז גאָרניט קיין טרויעריקע, נאָר אַ גאַדלענטע. דאָס פלעגן, נאָטירלעך, זאָגן די וואָס זי האָט זיי פון זיך פאַרטריבן, ווייַל עם האָט זי צו זיי נישט גע־צויגן. די גאַלאַנטסטע און געוואַגטסטע יונגעלייַט האָבן פון איר קיינ־מאָל קיין שמייכל נישט באַקומען. ניט אַפילו ליסקעס זון, דער גוויר, האָט צו איר גליק געהאַט, וויפל ער איז ניט צוגעשטאַנען צו איר.

פונדעסטוועגן, איז זי נישט געווען קיין גרויסהאַלטערן. געווען איז זי אַ פּאַשעטע און האַרעפּאַשנע מיידל און פלעגט אַרויסהעלפן די שכיי־נים באַ אַן איַליקער אַרבעט. זי פלעגט זיך באַגעגענען מיט יעדן און נישט מוירע האָבן טאָמער וועלן לײַטן ריידן. עמעס, קיינער האָט דעם מינדסטן כשאַד נישט געוואָרפן אַף איר אָרנטלעכקייט, כאָטש גזוען האָט מען זי אָפט שמועסן מיט יונגעלײַט. אייגמאָל, ווען כעווער איז אַהיימ־געגאַנגען פונעם פעלד, ווו זי האָט אַוועקגעטראָגן אָנבײַסן פאַרן פאָטער, — ער האָט דעמאָלט געבאָראָנעוועט אַף ווייץ — האָט זי אָפּגעלאָזט אַ פּיַערדיקן פּאַטש איינעם אַ פּעאָן, דערפאַר וואָס ער האָט איר אַ קניפּ געטאָן ווען ער איז איר נאָכגעגאַנגען מיט קאָמפּלימענטן.

אַף די טענץ און קאָלאָניסטישע סימכעס, פלעגן זיך אירע פּאַרערער־שאַרן צו איר און זי האָט זיי אַלעמען אָפּגעזאָגט. באַזעצט האָט זיך אין קאָלאָניע אַ געוועזענער אָדעסער סטודענט און האָט געפּרוּווט זי קאָר־טעזשירן, נאָר אויך אים האָט זי אָפּגעזאָגט. אין די שאַבעסדיקע פאַר־נאַכטן פלעגט ער אַרײַנקומען צו איר אין שטוב, און די פאַמיליע פלעגט אים אויפנעמען זייער העפלעך און פרײַנטלעך. זײַן פאַרהאַנט איבער אַלע אַנדערע באַכערים איז געווען דאָס וואָס ער האָט שטודירט אין אוניווערזיטעט, און די מיידלעך האָבן כעוועדן מעקאַנע געווען. נאָר כע־וועד פלעגט אויסהערן זײַנע דיסערטאַציעס, אים שטעלן פראַגעס, זיך אַרײַנמישן אין זײַנע שמועסן מיט דעם פאָטער, און קיין אינטערעס צו דעם נײַעם ליבהאָבער האָט זי נישט אַרויסגעוויזן.

ווײַבער פלעגן זאָגן:

— אַ גרויסער מענטש, אַ געלערנטער...

— געשטודירט אין אוניווערזיטעט...

— ער טראָגט נאָך דאָס סטודענטישע היטל, און כעווער וויל אים ניט... זי פלעגט זיך אַוועקזעצן אַף דער שוועל, אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אַףביידע הענט, אין די האָר אַרײַנגעשטעקט, און געדאַכט האָט זיך דעמאָלט, אַז זי געפינט זיך ערגעץ ווײַט, אַז אירע גרויסע טרויעריקע אויגן בלאָנדזשען ערגעץ.

אין אַ נאָכעדיקן טאָג פלעגט זי אַרײַנגיין אין גאָרטן, זיך אויס־ציִען אַפן גראָז און שטיל קוקן ווי די זון גייט אונטער. זי פלעגט זיך דעמאָלט ווי אויפלייזן גײַסטיק אינעם זון־פאַרגאַנג. ביסלעכוויַיז פלעגט

זי איז זיקאָרן אויפֿלעבן די קינדערשע יאָרן אין דער שיינער שטאָט באַם שוואַרצן יאַם און פֿלעגט זיך זען אַ קליינינקע און אַ פֿריילעכע, ווי זי לויפֿט אום מיט די קינדער איבער דעם גאָלדענעם זאַמד באַם ברעג. דאָרט איז כּעוועד נישט געווען די דאָרפֿס־מויד פֿון ראַכיל. געבליט האָבן אירע פּופּצן יאָר אין ווילטיק און אין ראַכוועס און געכאַלעמט מיט די העלדן פֿון די ראָמאַנען, וואָס איר פֿאָטער פֿלעגט לייענען אין די ווינ־טער־נעכט בעיים די שנייען און זאַווערוכעס. יענע יאָרן, וואָס די פֿאַר־גאַנגענהייט האָט זיי נאָך שענער געמאַכט, האָבן אונטער דעם פּרעכטיקן זון־פֿאַרגאַנג אויפֿגעלעבט מיט זייערע זיכרוינעס. און געקומען איז איר אָפּן געדאַנק, ווי אַ נאָכטאָם נאָך אַזאַ דערינערונג, דער ערשטער כאָסן, וואָס איז געווען איר אויסגעכאַלעמטער העלד דאָרט אין די נעפּלדיקע פֿאַרנאַכטן אינעם בולוואַר, וווּ זי האָט דורך די ביימער געזען דעם יאַם זיך הייבן. אַזוי האָט דאָס קאַלאָניסטישע מיידל געלעבט מיט דער דערי־נערונג פֿון שוין פֿאַרשטאָרבענע צייַטן. און אַז די כאַלוימעס פֿלעגן צע־שווימען, פֿלעגט זייער צעבראָכענער גלאַנץ זי אָנפֿילן מיט טרויער. און דאָס פֿעלד אַרום פֿלעגט זי איַינהילן אין אַ מין ווייכער פּוילקייט.

ניט ליסקעס זון מיט זיַינע אָקסן אינעם נאָדן, ניט דער באַריידעוו־דיקער סטודענט, פֿלעגן פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ פֿון יענער צעשוווּמענער געשטאַלט, דעם גימאַזינסט, וואָס האָט אין איר פֿאַנטאַזיע אָנגעדאַכט, דעמאָלט ווען זי האָט נאָך געטראָגן צעפּלעך און אַ קורץ קליידל, דעם טאַם פֿון דאָס נאָך נישט געשעענע. גאָר אַנדערע זיַינען די מענטשן דאָ, באַ דער אַרבעט פֿאַרהאַרטעוועטע. און ווען מען פֿלעגט איר דאַכטן אין פּויערישן לאָשן וועגן ליסקען, וועגן דעם סטודענט אָדער וועגן דעם שווי־געטס ברודער, פֿלעגט זי זיי באַ זיך אינעווייניק פֿאַרגליַיכן מיט דעם צעשוווּמענעם כאָסן. וואָס טוט ער ערגעץ איצט, איר כאָסן?

די שאָטנס ווערן געדיכטער און די לאָנקעס, פֿאַרוואַקסענע מיט קאָרדאַ, באַקומען דעם אויסזען פֿון אַ פֿאַנטאַסטישן וואַלד. דאָס רעווען פֿון די קי ווערט הילכיקער אין דער פֿאַרנאַכטיקער לויטערקייט. די זשאַ־בעס קוואַקען אויס זייער יאָמערלעכן ראָמאַנס אין די קאַליזשעס אַף די לאָנקעס און וויַיט, זייער וויַיט, גיבן צו וויסן דעם אָקסנטרייַבערס קוי־לעס, אַז עס איז שוין באַלד די שאַ פֿון רו.

דאָס מיידל איז נאָך אַלץ פֿאַרזונקען אין אירע מאַכשאָוועס. וואָס

טוט איצט ערגעץ איר באַנגען? און פאַרגעשטעלט האָט זי זיך אים אַ שיי־נעם, אַ ניצאַכנדיקן, אַ באַגערטן פון די שטאָטישע מיידלעך. ווי מעקאַנע זי איז יענע שטאָטישע מיידלעך מיט זייערע קליידער, מיט זייערע פּער־פומען, ווײַסע און צאַרטע. זיי זײַנען די כאַוועטעס פון איר ערשטן אויסדערוויילטן.

אַ פאַרטראָגענע אַזוי אין אירע דימיונעס, האָט זי זיך נישט גע־קענט דערמאָנען ווי מען האָט אים גערופן. אין דער שטיל האָט זי עט־לעכע נעמען אַרויסגעשטאַמלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אָף ניין. צום סאָף האָט זי זיך דערמאָנט דעם ריכטיקן נאָמען, און ווען זי האָט אים אַרויסגערעדט, האָט דער אָפּקלאַנג פון די קורצע זילבן זי אויפגעוועקט פון איר פאַרטראַכטקייט.

* * *

געשפּאַנט האָט זי איינמאָל נאָך אַזאַ פאַרטראַכטקייט איבער דער געשלענגלטער סטעזשקע און האָט הינטער זיך דערהערט לאָזערן שפּילן אָף זײַן לײמענעם פײַפל. דאָס יאָמערן פון דעם פּאַשעטן אינסטרומענט האָט איר נאָך קיינמאָל אַזוי טרויעריק ניט געקלונגען אין די אויערן ווי דעמאָלט. זי האָט זיך צו אים אומגעדרייט:

— לאָזער, דו שפּילסט ווי אַ מוזיקאַנט...

דער צעוואַקסענער באָכער איז שטיין געבליבן, האָט צוגעצויגן זײַן קרומען פּוס און האָט איר געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט נישט אוועקגענומען דאָס פײַפל פון די ליפּן און האָט ווײַטער געשפּילט.

זיי האָבן געשפּאַנט ביידע באַנאַנד. רויטע פּאַסן האָבן באַדעקט דעם האָריזאָנט און דאָס פעלד אַרום איז פול געוואָרן מיט אַ שטילקייט, וואָס נאָר די גרילן האָבן געשטערט און דאָס בילן פון די הינט. איבער זייערע קעפּ האָט אַ שמאָלע מאַטעווע לעוואָנע זיך אויפגעהויבן און די שטערן, נאָך בלייכע, זײַנען פון צווישן די וואָלקנס אַפּירגעקומען. בע־ווער האָט אים אַ פרעג געגעבן:

— פאַרוואָס שפּילסטו ניט, לאָזער?

— איך האָב געמיינט דיר געפעלט ניט.

— פאַרקערט, דערצו נאָך הײַנטיקן אָוונט...

דער קאַלאַניסטישער זון האָט אויסגעשפּילט אַ ניגון פון זײַן רע־פּערטואַר, וואָס איז געווען אַ געמיש פון רוסישע און ייִדישע מאָטיוון, פון ווידאַליטאָס און עסטילאָס. דעם קרומען באַכערס מוזיק, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער דעם צעשוווּמענעם טאָל, האָט זי אַלץ מער אַרומ־גענומען, ביז אויסגעלאָשן האָבן זיך אירע פּרײַערדיקע וויזיעס און איר געמיט איז אַרויף אַף דעם וועג פון רעזיגנירטער רו. לאַנג האָבן זיי אַרומגעשפּאַנט און האָבן צווישן זיך אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר ווען עס איז שוין קימאַט נאַכט געווען, האָט זיך כעוועד געזעגנט:

— מען וואַרט שוין מיסטאָמע אַף מיר אין דער היים, קום מאָרגן...

לאַזער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. דאָס פּאָנעם איז אים רויט גע־וואָרן. זײַנע אויגן האָבן זיך אײַנגעשטאָכן אין די אויגן פונעם מיידל, נאָר אַ קנופּ האָט זיך אים געשטעלט אין האַלדז און האָט זײַן קאָל דער־שטיקט. פאַר מוירע טאָמער דערזעט זי זײַן אַפּהענטיקייט, האָט ער זיך גענומען באַרויִקן און צום סאָף האָט ער באַקומען לאָשן:

— פאַרגעס ניט גריסן רעב יוינען.

און זיי זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

נאָך וועטשערע האָט רעב יוינע געלייענט שאָמערס אַ ראָמאַן וווּ עס האָט זיך דערציילט וועגן די קאָרבאָנעס פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, און האָט זי שטענדיק גערירט ביז טרערן.

כעוועד האָט געטראַכט וועגן דעם העלד, וועגן יענעם דאָן פּעדראָ דע פּאַרעראָ, וואָס דער מעכאַבער האָט אים אין סאַמעט אָנגעטאָן און האָט אים אומגעפירט צווישן פּרינצן און פּרינצעסנס פון קעניג פּיליפּס הויף. אַ שאָטן האָט זיך געלייגט אַף איר פּאָנעם ווען זי האָט אַ טראַכט געטאָן ווי פאַרשיידן די מענטשן זײַנען אינעם לעבן און אין די ביכער. ווי־אַזוי האָט דאָן פּעדראָ דע פּאַרעראָ געמוזט אויסזען אין דערעמעסן? ווי־אַזוי מוז אויסזען אָט־דער שאָמער גופע? ווי מוז איצט אויסזען דער כאָסן פון אירע פופצן יאָר?... און באַ דער פראַגע, וואָס זי האָט זיך אין געדאַנק געשטעלט, האָט זי דערפילט ווי זײַן געשטאַלט, וואָס פלעגט אַן אַנדערשמאָל פאַרבלײַבן שטיין פאַר איר, ווערט איצט צערונען אין איר זיקאָרן.

זי איז אײַנגעשלאָפן און אין כאָלעם האָבן לאַזערס ציטעריקע ניגו־

נים אַף זײַן ליימענעם פּיַפּל אין די געמיטלעכע דאָרפֿישע פֿאַרנאַכטן, פֿאַרוויגט איר געפּײַניקט האַרץ.

אַף מאָרגן, אַז אָפּגעזונדערטע אינעם גאָרטן, האָט זי זיך געפֿילט רויִקער. וועט לאָזער קומען? דער עמעס איז, אַז זי האָט זיך ביז איצט קיינמאָל נישט אומגעקוקט אַף דעם שטילן שעמעוודיקן באָכער. אַ מיזשפּילן! לאָזערס געשטאַלט, מיט זײַן קרומען פּוס, האָט זיך גענומען אָנצייכענען אַף דער אַרומיקער לאַנדשאַפֿט, אַף דעם בלויען הימל, אַף די נאָענטעביימער, אַף דער שוואַרצער אויפֿגעאַקערטער ערד, וואָס האָט באַזוימט די ווײַטקייט. דערמאָנט האָט זי זיך ווי ער האָט איינמאָל נישט געקענט כאַפּן דאָס אָפּגעבונדענע קעלבל, און זי האָט נישט געקענט צוזען זײַן צאַר ווי ער לויפֿט און שלעפּט נאָך זיך זײַן הינקענדיקן פּוס. זי האָט נישט פֿאַרגעסן ווי געווירט דער באָכער איז געווען ווען זי האָט אים צוגעפֿירט דאָס קעלבל. ער האָט דעמאָלט אַ וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען איר צו דאַנקען פֿאַר דער טויווע. אַ גרויס ראַכמאָנעס האָט איר האַרץ פֿאַרפֿלייצט.

זי האָט אים פֿאַרגליכן מיט די באָכערים, וואָס האָבן זיך צו איר געשאַדכנט, מיט דעם גראָבן ליסקע, מיט דעם סטודענט, וואָס רעדט אַזויפֿיל, וואָס היצט זיך. קיין איינער פֿון זיי האָט נישט דעם ווערט וואָס לאָזער מיט זײַן גאַנצער פּאַשעטקייט. ער האָט צו איר קיינמאָל קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר געטראָפֿן האָט זי אים אומעטום מיט זײַן שטײַפֿן, צעוויייטיקטן און שטומען בליק.

וועט ער קומען? באַ דער פֿראַגע, האָט זי זיך געכאַפּט ווי דער סאָפֿעק ערגערט זי און האָט דערשפּירט באַ זיך אַז אומגעדולד.

און זי האָט שוין פֿון עפּעס אַנדערש נישט געטראַכט. ווען די קוי־לעס פֿון דעם אַקסנטרײַבער באַם פֿאַרטרײַבן די בעהיימעס האָבן זיך שוין געהאַט אײַנגעשטילט און צו אירע אויערן איז דערגאַנגען דאָס שיפּלן פֿונעם פּיַפּל, האָט זי זיך גאָר קיין כעשבן נישט אָפּגעגעבן ווי שנעל זי איז אויפֿגעשפּרונגען און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס האָט זי פֿריידיק אויסגעשריגן:

— לאָזער, לאָזער!...

# דער אַלטער קאָלאָניסט

סעאַ טענודאַ ען גראַנט עט פּוערטע סערוויסיאַ על אַנסיאַנאַ קע באַכאַ אַקעסטאַ פּיעדראַ אַקעדאַ לאַ רעזורעקסיאָן קאָן מעסיאַס. כעלידאַ דע לוענגאַס אַניאַס, דיאַס (נאָן דעסיד על סואַ נאָמע סע נאָן סאַדעס פּוראַס דע פּעקאַדאַ) לע פּיסאַ מאַראַדאַ ען על פּאַראַיסאַ.*)

(אַן אַלכאַמיאַדישע מאַציייווע־אויפֿשריפֿט)

לאָמיר אים אָנרופֿן מיט זײַן ביבלישן נאָמען, רעב גדליע. מירן זיך נישט דערמאָנען אָן זײַן פֿאַמיליע־נאָמען, וואָס ער האָט אים מיסטאָמע באַקומען ערגעץ אין אַ דײַטשישער שטאָט אינעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, פֿון די האַרן, וואָס האָבן ליב געהאַט שפּאַס צו מאַכן פֿון די ייִדישע שמאַטע־הענדלער, באַוווינער פֿון דער פֿראַנקפֿורטער אָדער מינכענער געטאָ. גדליע, נאָך בעסער, רעב גדליע בערעבע שלוימע. ער האָט ערלעך פֿאַרדינט מען זאָל אים אַזוי באַטיטלען, מאַכמעס מער ווי אין דער קאָלאָניסטישער נאָכלע, האָט זײַן געשטרעקטע פֿיגור זיך אַרײַנגעפּאַסט אין די רײַן־שטאַמיקע צײַטן, ווען ייִדן האָבן אויפֿגעשטעלט אין די שפּאַנישע שטעטלעך געבילדעטע קהילעס פֿון געלערנטע און דיכטער. ענלעך צו זיי זענען אויס נאָר יענע ייִדן, וואָס ראַבי מענאַשע בען ייִסראָעל רעדט פֿון זיי אין זײַנע ספֿרים. געהאַט האָט ער דעם שטעל פֿון אַן איידלמאַן און די באַנעמונג פֿון אַ סראַרע, דאָס פֿאַנעם אויסגעבלייכט פֿון דענקען און דאָס מויל מיט אַ שמייכל פֿון אַלטע לײדן.

*) זאָל געהאַלטן ווערן אין גרויס קאָוועד דער אַלטער מאַן וואָס וואַרט אונטער דעם שטיין אַף טכיִאַס האַמייסים ווען מאָשיִעד וועט קומען. באַשיינט מיט לאַנגע יאָר, האָט גאָט (ברענגט נישט אַרויס זײַן נאָמען אויב איר זײַט נישט ריין פֿון זינד) אים געמאַכט אַן אָרט צום רוען אין גאַניידן.

געווען איז ער מיַין לערער און, אונטערן ווינקלדיקן דאַך פון פּויע־רישן געצעלט, האָט ער מיך געלערנט טפילין־לייגן און דעם פּירעש פון די טפילעס. מיט רעכט האָבן מיר אים כאָשעוו געהאַלטן, וואָרעם גע־ווען איז ער אַ כאָשעווער מענטש.

געקענט האָב איך אים ווען ער איז שוין געווען זייער אַלט, ווען ער פלעגט יעדן פרימאָרגן און יעדן אָפּדערנאַכט גיין אין שול אַריַין, אנגעשפאַרט אַף זיַין קרומען שטעקן, ווי אַ פּאַטריאַרך אַף זיַין בולאַווע, אַ פאַרקלערטער, אַ פאַמעלעכדיקער. און זאָגן וועל איך אויך, אַז געווען איז ער קלוג און מילד, ווי עס באַדאַרפן צו זיַין די מענער וואָס האָבן אַזוי פיל געלעבט און אַזוי פיל געזען אונטערן הימל וואָס האָט קיין סאָף ניט. ער האָט שוין נישט געאַרבעט און זיַין ציַיט האָט ער אָפּגע־געבן מאַדריך צו זיַין יידישע קינדער אין די איקרים פון גאָטס טוירע און זיי לערנען ווי צו דאַנקען דעם האַר פון דער וועלט פאַר די טויוועס, וואָס ער טוט מיט אונדז און לאָזט אונדז לעבן, און טרייסטן דאָס האַרץ פון די שטאַרבנדיקע אין די לעצטע מינוטן. דערפאַר ברענג איך דאָ פון זיַין קאָוועד וועגן די מאַציייווע־אויפשריפט, וואָס אַן אַנאָנימער ספאַר־דישער פּאָעט האָט פאַרפאַסט אין אַלכאַמיאַדאַ־לאַשן *) לעקאָוועד ראַשי און געפינט זיך אין די אַלטע סידורים, וואָס זיַינען געדרוקט אין קאָנס־טאַנטינאָפּאָל. איך וועל דאָ זאָגן ווי מיַין מאַמע זאָגט געוויינלעך ווען זי דערציילט אַמאָל באַ די לאַנגע פייסעכדיקע סדאָרים עפּעס אַן עפּיזאָד פון זיַין בייַשפּילפולן לעבן:

— זאָלן מיַינע רייד ניט שטערן זיַין רו אין קייווער!

אַ מוסטערהאַפטער מענטש איז דאָס געווען. די עלטער האָט פאַר־גיַיסטיקט זיַין גוף, מיט יאָרן צוריק אַ פעסטער און אַ קרעפטיקער, און זיַין גלאַסענער טראָט האָט אים צוגעגעבן אַ פּריסטערלעכע באַזונדער־קייט. פלעגט ער אויפהייבן זיַין ביינעקע ציטערנדיקע האַנט, האָט זיך געדאַכט ער בענטשט עמעצן, און אַז מען האָט אים געזען שטיין באַם דאַווענען, מיטן פּאָנעם צו גאָט אויפגעהויבן, אַ באַלויכטענער פון דוויי־קעס, האָט מען זיך מיט דעם געדאַנק איבערגעטראָגן צו די זקיינים, וואָס אַף די קלאַסישע בילדער.

*) דאָס לאָשן, וואָס מע רופט היַינט שפּאַניאָליש אָדער לאַדינאָ, וואָס די ספאַר־דים ריידן אין די באַלקאַנישע לענדער און שרייַבן מיט יידישע אויסיעס. איבערז.

אין אַ פאַרנאַכט, האָבן מיר אים אַמאָל געזען אַרײַנקומען צו אונדז אין שטוב אַרײַן, ווי געוויינלעך, האָט ער באַם אַרײַנקומען געגריסט, ווי זײַן שטייגער איז געווען, מיט די ווערטער:

— זאָל מײַן קומען צו אײַך אין שטוב זײַן אין אַ גוטער שאָ.

ווי נאָר ער האָט אָפּגעאָטעמט, האָט ער גענומען אַ שמעק טאַבעקע פון אַן אַלטן שקעטעלע, וואָס האָט אָפּן דעקל געהאַט אַ שטאַרק אָפּגע־ריבענעם געמעל, אַ ביבלישע סצענע. נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעלויבט, ווי דער שטייגער איז, דעם ווייץ־פּאַרזיי, וואָס האָט געגלאַנצט אין דער ווײַט, די קו, וואָס האָט זיך געפּאַשעט באַם זוים פון וועג, האָט רעב געדאַליע צו וויסן געגעבן, אַז געקומען איז ער צוליב זייער אַ וויכטיקן איניען:

— מאַדאַם — האָט ער געזאָגט, — אײַער זון איז אַ יאָסעם און מען דאַרף אים לערנען טפילן־לייגן. וואָרעם יעסוימים הייבן אָן לייגן טפילן צו צוועלף יאָר. פאַר מיר וועט עס זײַן אַ נאָכעס אים צו לערנען...

און פון יענעם טאָג אָן, ווי נאָר איך פלעג אַרויסטרײַבן די בע־היימעס אױף דער פּאַשע, פלעג איך גיין צו רעב געדאַליע אין שטוב לערנען. די שפּראַך פון די נעוויאים און פון די ראַבאָנים פלעגט באַ אים אין מויל באַקומען איר אַמאָליקע שיינקייט. און נאָכן דאַווענען, פלעגט ער מיר פאַרטײַטשן דעם טילים און אויפקלערן וואָס עס מיינט דער טאַלמוד. אױף דעם אויפן פון די שפּאַנישע און אַראַבישע העברעיִסטן, ווי איבן געבירואָל בען יעהודאַ, פלעגט ער זיך נוצן מיט די דיאַלאָגן פון די מײַסטער, וואָס האָבן אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער גע־שאַרפט זייערע מויכעס איבער טעאָלאָגיע און מאָראַל, מיט די אײדעלע מעשאָלים פון די פאַבוליסטן. געקענט האָט ער זיי אין דער גאַנצער טיף און געמאָרע און קאַבאָלע האָבן קיין סוידעס ניט געהאַט פאַר זײַן מויעד, וואָס האָט זיך אױף זייער שטודיום געשליפן. רעב געדאַליע האָט מיר איינמאָל אַט וואָס געזאָגט:

— דער מענטש וואָס האָט נישט, איינענעם מיט דער טוירע וואָס ער לערנט, אַ גוט האַרץ, איז ווי ער וואָלט געהאַט נאָר איין אויג אין קאָפּ, פון איין זײַט פּאָנעם, און וואָלט קענען קוקן נאָר אין איין זײַט. איך וועל דיר דערציילן, קינד, אַ פאַל, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויסע וויקוכים דעמאָלט, אין דער צײַט ווען אונדזערע ברידער האָבן רויִק

געלעבט אונטערן שוץ פון די קאַסטילישע מעלאָכים. ראַבי אַקיווע האָט געפרעגט זײַנע טאַלמידים: וואָס באַדאַרף אַ מענטש אַף צו זײַן גליק־לעך? איינער האָט געענטפערט: ער באַדאַרף אַ געטרײַען כאַווער לעבן זיך, קעדיי צו געניסן פון זײַן נוצלעכער דערפאַרונג. אַ צווייטער האָט געזאָגט: געזונט. אַ דריטער — קלוגשאַפט און אַ פערטער — וויסן. און אַזוי ווי ראַבי אַקיווע איז נאָך אַלץ געזעסן און געקלערט, האָט איינער פון די טאַלמידים, וואָס האָט פריִער געשוויגן, זיך אָנגערופן, אַז מען דאַרף צונויפנעמען אַלע אויסגערעכנטע זאַכן איניינעם, וואָס זאָלן, ווי אַ זונענשטראַל נעמט אין זיך אַרײַן די קאָלירן פונעם רעגנ־בויגן, אַרײַננעמען אין זיך די כאָכמע און די גוטהאַרציקייט און דער־מיט וועט מען אין עק וועלט נישט פאַרפאַלן ווערן. האָסט מיך פאַר־שטאַנען, קינד? איצט לאָמיר זיך שטעלן דאַווענען, וואָרעם ס׳איז שוין באַלד מיטיק־צײַט און מיר וועלן בײַ גאָט נישט האָבן דאָס עסן פאַר־דינט.

* * *

ווען רעב געדאַליעס זין און אייניקלעך האָבן באַדאַרפט צום ערשטן מאָל אויפאַקערן דעם פּאַס ערד צום פּאַרזיי, האָט רעב געדאַליע געפירט דעם אַקער. די אַוודע איז אַ פּײַערלעכע און איז אַן אָנזאָג אַף נײַעם לעבן, און דער אַלטער האָט דעם אַקט צוגעגעבן דעם רעליגיעזן זין, וואָס ער האָט אינעם טראַקטאַט פון טאַלמוד, וואָס באַהאַנדלט דעם איניען ערדאַרבעט. אָנגעטאָן האָט ער זײַן טולופּ, און ווען דער שטעקן מיט דעם פענדל אין עק פעלד איז געווען אַרײַנגעשטעקט, האָט ער אָנגע־נומען פאַר ביידע הענטלעך דעם אַקער, וואָס האָט צעעפנט די ערד מיט אַ קרעכץ און האָט אײַנגעהאַלטן דעם פּײַערלעכן טראָט פון די אָקסן. אָפּגעטאָן האָט ער אָט־די אַרבעט און זיך אָוועקגעזעצט אַף אַ שטיין, האָט געקוקט ווי די יונגע אַרבעטן און האָט זיי געמוטיקט מיט זײַן וואָרט און מיט זײַנע טנועס.

— געדענק, אַווראָם, זון מײַנער; געדענק יאַנקעוו, אויצער מײַנער, אַז שווער איז צו ציִען ברויט פון דער ערד, נאָר אָרנטלעכע מענטשן באַקומען דאָס ברויט נאָר פון דער ערד. וואָלטן מײַנע הענט געהאַלטן

נאָר דעם סידער און דעם אַקער, וואָלט איך זיכער געווען אין גאַנייד: זיך צו מיִען פאַר אייַך!

ער איז אַרייַנגעגאַנגען אין שטרויענעם בייַדל און זיך אָנגערופן צום ווייַב, וואָס האָט געוואָרעמט איר אַלטן גוף באַם פייַער:

— באַם אַקער האָב איך איבערגעלאָזט די קינדער. זיי וועלן אונדז מיט זייער אַרבעט פאַרשאַפן קאָווער. זאָל אונדז גאָט געבן אַ גוט יאָר, וועלן שוין האָבן אַ גוט יאָר אויך די וואָס זייַנען אָרעמער פון אונדז! האָסט שוין געדאַוונט און געגעסן?

דעם טאָג ווען איך האָב אָנגעהויבן לייגן טפילין, זייַנען שכיינים זיך צו אונדז צוזאַמענגעקומען ווינטשעווען און, ווי דער שטייגער איז, האָט מען געשטעלט לעקעך און בראָנפן. דעמאָלט האָב איך געהערט רעב גערדאַליען דערציילן זייַן לעבנס־געשיכטע.

אַט דער פרומער ייִד איז אין רוסלאַנד געווען אַ גרינדער פון אַ שטאָט. נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, האָט ער שוין געהאַט אַ גרויס פאַר־מעגן. געווען איז עס דעמאָלט ווען עס האָט געהערשט דאָס רעכט פון לייַב־אייגנטום. ווען דעם קייסערס זעלנער האָבן אין די פוילישע גו־בערניעס געהאַנגען אויף די שטאָט־פּלעצער די דאָרטיקע פירשטן און זייער צירונג, ווי פּאָליאַקן דערציילן, פאַרקויפט צו עסטרייַכישע סאָכ־רים. דעמאָלט האָט רעב גערדאַליע אויסגעקויפט גרויסע שטאָכים לאַנד און די האַכנאָסע פון דער אַרבעט מילד צעשאַנקען די פויערים. מען האָט אים דעריבער פאַרמאָסערט פאַרן קייסערס שטעל־פאַרטרעטער ווי אַ סוינע פון דער מעלוכע און פון דער אָרדענונג. נאָר רעב גערדאַליע האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן; ער איז געפאָרן צום צאַר גופע קיין פּעטער־בורג זיך צו פאַרטיידיקן און האָט אים געפירט אַ מאַטאָנע אַן אַלטע סייפער־טוירע און אַ שנור פּערל.

— אַט דאָס הייסט אַ גוטער ייִד — האָט ניקאָלייַ דער ערשטער געזאָגט, — אים דאַרף מען שוינען. — און האָט אים געשענקט דאָס רעכט צו באַזיצן ערד.

נאָר ווען מען האָט אָפּגעשאַפט דאָס לייַב־אייגנטום, האָט מען באַ אים צוגענומען די ערד. און זייַן פאַרמעגן איז נאָכמער געגאַנגען לעאיבער ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרייַן אין קריג. געווען איז ער נאָך אַלץ רייַך און האָט געוווינט אין דער שטאָט וואָס ער האָט געגרינדעט.

ביז עס זיינען אנגעקומען די ידיעות וועגן אמעריקע. געפארן איז ער קיין ערץ־ישראל און איז צוריקגעקומען א טרויעריקער. בעסער ווי עס איז איידער צוזען וואס עס טוט זיך אין דער הייליקער יידישער שטאט מיט די צלמים, מאנאסטירן און מעטשעטן. און געקומען איז ער מיט די ערשטע איינוואנדערער קיין ענטרע־ריאס. דא איז מעקויים געווארן זיין לעבנס־אידעאל, באארבעטן די ערד, עסן ברויט פון אייגענעם ווייץ און גרינסן פון אייגענעם גארטן.

אין א פארטאג איז א יינגל אונדז געקומען זאגן, אז רעב גדאליע רופט אונדז. געגאנגען זיינען מיר מיט דעם פארגעפיל, אז זיין לעצטע שעה איז געקומען. אין שטוב, א פולע מיט מענטשן, האבן מיר אים גע־טראפן זיצן פול מיט כשיוועס און לויטערקייט אין ווייסן קיטל. זיין לעבן האט זיך ווי א שיין אויסגעלאשן. ער האט זיך מיט יעדן איינעם געזעגנט, געטרייסט, געדאנקט, און מיט די אויגן צום הימל געווענדט, האט ער אונדז געזאגט:

— זאלן איירע גופים, ווי מיינער, ליגן אין דער ערד, וואס איי־רע אייגענע הענט באארבעטן, און איר וועט זיין געבענטשט...

צווישן דעם געוויין פון די ארומיקע, האט זיין קאל זיך אויסגע־לאשן און זיינע אויגן האבן זיך צוגעשלאסן. אזוי האט געלעבט און אזוי איז געשטארבן מיין לערער.

# דער הימן

געווען איז עס אין די ערשטע צייַטן פון דער קאָלאָניע. די ענטרע־ריִאָסער ייִדן האָבן קנאַפּ וואָס געקענט דאָס אָרט און זייערע באַגריפן איבער די געוווינהייטן פון דעם לאַנד זייַנען געווען ביז גאָר מעטוש־טעשע. זיי האָבן דעם גאַוטש באַוווּנדערט און האָבן פאַר אים מוירע געהאַט. זיי האָבן זיין לעבן אייַנגעהילט אין אַ לעגענדע פון העראָיִזם און ווילדקייט. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ געפערלעכן און בייזן מענטשן. די מייַסעס וועגן בלוט און געוואַגטקייט, פאַלש אויסגעטייַטש־טע פון די נייַע פויערים, האָבן געהאָלפן שאַפן דעם באַגריף וואָס זיי האָבן געהאַט וועגן דעם אָרטיקן דאָרפס־מענטשן. דער פוילישער אָדער בעסאַראַבער ייִד האָט אין אים געזען דעם ראָמאַנטישן באַנדיט, אַ כייַעש צערייַצטן און ריטערלעכן, ווי שאָמערס אַ העלד, וואָס זייַנע אַוואַנטו־רעס האָבן געלייענט די אַדעסער אַרבעטער־מיידלעך, ווען זיי פלעגן אַהיימקומען פון דער פאַבריק און עס לייענען נאָך די קאָלאָניסטישע מיידלעך ווען זיי קומען אַהיים פונעם פעלד.

יונגע און עלטערע קאָלאָניסטן פלעגן דעריבער דעמאָלט דיסקוטירן אין שול, וואָס האָט זיך געפונען אַמאָל בייַ דעם און אַמאָל בייַ אַ צווייטן קאָלאָניסט אינעם ראַנטשאָ, וועגן זאַכן, וואָס האָבן אַ שייַכעס מיט אַר־גענטינע. דער ענטוזיאַזם פאַר אַ פרייַען לעבן, וואָס מען האָט דערמיט געכאָלעמט אין די ביטערע רוסישע יאָרן, האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָפגעקילט. אַ הייסע ליבע צו דער נאָך אומבאַקאַנטער ערד, האָט גע־ברוּיזט אין אַלעמענס הערצער. אין דער אומגעגנט אַרום דער קאָלאָניע ראַכיל האָבן די אַקערס פריידיק צעאַקערט די ערד און די אייַנשטימיקע האָפענונג איז ניט אָפגעשוואַכט געווען אין די פּאַשעטע קאָלאָניסטישע הערצער. אין די שאַבאַסים פאַרן דאַווענען, אינדערפרי און פאַרנאַכט,

פלעגט מען פאר דער שול און נישט ווײַט פון דער שטאל, זיך דערמאנען אמאליקע צארעס, עפּיזאדן פונעם ארויספאר, ווי די אויסוואנדערונג פון דער צארישער אימפּעריע וואלט געווען דאס היסטארישע אנטלויפן פון מיצראַיִם אין דער נאכט פון פּייסעך.

מען האט געשמועסט, געשפּארט זיך. יאסל האלער, וואס האט גע־דינט אין רוסישן מיליטער, האט געהאלטן, אז ארגענטינע האט נישט קיין ארמיי.

רעב איציק הערמאן, א זאקן מיט א הויקער, א ייִד א באלעש, וואס האט געלערנט קאלאניסטישע קינדער איווריע זאגן, האט ענערגיש אפּגעענטפערט יאסלען:

— וואס ווייסטו? ! ביזט א זעלנערוק און נישט מער! ווי פאלט דיר איַין, אז ארגענטינע האט נישט קיין ארמיי?

— יעדער איינער פארשטייט עס, רעב איציק. דא איז צאר א פּרע־זידענט און ער דארף נישט קיין סאלדאטן זיך צו פארטיידיקן.

— און די זעלנער וואס מיר זעען אפן וואקזאל אין דאמינגעז?

דעם אלטנס פראגע האט יאסלען צעטומלט און ער האט נישט גע־ווּסט ווי צו דערקלערן וואס אין דאמינגעז איז דא א סארבענטא, וואס זיַין שווערד אין דער פארזשאווערטער שיַיד שרעקט אזוי די קינדער.

אין א פארנאכט האט א קאלאניסט, וואס איז געווען אין ווי־זשאגוויַי, געבראכט די ידיעה, אז מען גרייט זיך צו א גרויסן מעלוכע־יאנטעוו. ער האט דערציילט וועגן די ארקעס וואס מען שטעלט אויף, וועגן פענער אין גאס פארן שטאטראט. די ידיעה האט מען ארומגע־שמועסט און איינער א קאלאניסט האט פארגעלייגט מען זאל זען געוואר ווערן צוליב וואס מען מאכט דעם יאנטעוו.

די קאלאניסטן האבן קיין איין ווארט שפּאניש נישט געקענט, די יונגעלײַט האבן שנעל נאכגעמאכט די גאוטשישע געוווינהייטן, נאר צו־זאמענריידן זיך מיט די קרעאלן וויַיטער ווי פון די געוויינלעכסטע באַ־דערפענישן, האבן זיי נישט באוויזן. באשלאסן האבן זיי, פונדעסטוועגן, פרעגן בא דעם אקסנטרייַבער, בא דאן גאבינא, דעם גוטן ברודער פון קריספּין וועלאסקעז און וועטעראן פון דער מילכאמע מיט פּאראגוויַי. דאן גאבינא האט פארשטאנען, אז דא מוז זיך האנדלען וועגן פערד מארקירן אדער גאר וועגן וואלן. די ווערסיע האט פון אנהייב אויסגעזען

גאַנץ לאַגיש, נאָר שפּעטער האָט מען זי אָפּגעוואָרפֿן. דער סאָף איז גע־וועזן, אַז דער קאָמיסאַר אַליין, בעניטאָ פּאַלאָס, האָט די יידן אויפגע־קלערט צו וואָס מען גרייט זיך און אַף אַ פּאַשעטן און דיטײַלעכן אויפן געגעבן צו פאַרשטיין דעם שויכעט דעם באַטײַט פון דעם 25טן מײַ.

דער איניען האָט באַשעפטיקט די ראַבילער אײַנוווינער און אַף די מעסובעס אין די אוונטן און באַם אָפּרוען פון דער ארבעט, אַף די פּאַכן ערד צום פאַראַקערן, זײַנען די קאָלאָניסטן זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן געשמועסט וועגן דער דאַטע. יעדער איינער האָט אַף זײַן שטייגער אויפגעקלערט די וויכטיקייט פון דעם געשעעניש און צום לעצט איז גע־בוירן געוואָרן דער געדאַנק, אַז מען דאַרף פּראַוועון דעם יאָרטאָג.

די איניציאַטיוו איז געקומען פון יסראָעל קעלנער, וואָס איז שוין געהאַט געוועזן מיט אַ שליכעס אין ערעצ־יסראָעל צו אָרגאַניזירן די עמי־גראַציע, וואָס דער באַראָן הירש האָט געשטיצט. געקענט האָט ער העב־רעיִש, וואָס סײַ דער ראַבילער שויכעט און סײַ דער קאַרמעלער האָבן דאָס עפּנטלעך מוידע געוועזן, האָט געהאַט אָנזען און פלעגט האַלטן רע־דעס אין די יאָנטויווים. צוגעפּאָרן איז ער קיין לאַס מאָסקאַס און דאָן עסטאַניסלאַאָ בעניטעז האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט אַלע פּראַטים פון דעם איניען.

באַשלאָסן פײַערן דעם 25טן מײַ, האָט מען באַשטימט דעם אַל־קאַלדע מיט דעם שויכעט זיי זאָלן אײַנאָרדענען דעם יאָנטעוו. יאַנקל, דעם שויכעטס יונגער פּעאָן, דער גרעסטער קרעאָל צווישן אַלע יידישע יינגלעך, האָט זיך אָנגעטאָן זײַנע בעסטע באָמבאַטשאַס און אַף זײַן בראַוון פּעטיסאָ האָט ער צו וויסן געגעבן פון שטוב צו שטוב, אַז עס וועט פאַררופן אַן אַסיפע אין שול. דאָרט האָט מען אַרומגעשמועסט אַלע פּראַטים. באַשלאָסן האָט מען, פאַרשטייט זיך, דעם טאָג נישט צו אַר־בעטן, באַפלאַגן די טויערן באַ די הײַזער און צוזאַמענקומען זיך אַף דער געמיינשאַפטלעכער לאַנקע, וווּ רעב יסראָעל קעלנער וועט האַלטן אַ רע־דע. פאַרבעטן האָט מען צו דער פײַערונג אויך דעם קאָמיסאַר און דעם אַדמיניסטראַטאָר פון די קאָלאָניעס, הער בערגמאַן, אַ טערפּקע שווײַגנ־דיקער דײַטש, וואָס איז פון דעם יאָנטעוו קאַרג וואָס ניספּאָעל געוואָרן.

אַרויסגעשוווּמען איז אַ גאַנץ ערנסטע שוועריקייט. מען האָט נישט געוווּסט וואָסערע קאָלירן האָט די אַרגענטינישע פּאָן און אַף דעם פּראַט

האט מען זיך ארומגעזען צו שפעט. פונדעסטוועגן, זיינען די צוגרייטונ־גען אנגעאנגגען ווייטער און דער גרויסער טאג איז אנגעקומען.

די קאלאניע ראכיל איז גאנץ פרי אויפגעשטאנען א באפלאגטע ווי א שיף. די טויערן פול מיט קאלירן, מיט אלע קאלירן; און אויך מיט די ארגענטינישע, אנעם וויסן פון די קאלאניסטן. א ווייבע זון האט באלויכטן דאס פעלד, האט אפגעגאסן די פארגעלטע קוסטעס און די ווייסע ווענט פון די שטיבלעך. דער קאמיסאר האט געשיקט זיין קליינע קאפעליע און דערהערט האט מען אין קאלאניע די מוזיק פונעם הימן. די מוזיק האט אנגעפילט די הערצער מיט יובל און דער פאטערלענדי־שער יאנטעוו, נאך אן אומקלאר פארשטאנענער, האט אריינגעגאסן פרייד אין אלע געמיטער.

צוזאמענגעקומען זיינען זיך אין שול מענער און פרויען. די יערו־שאלאימער קיטלען האבן געגלאנצט אף דער זון מיט זייער ווייסקייט און דער ראוו האט געבענטשט די רעפובליק מיט א פייערלעכן „מי שעבייראך".

נאכדעם ווי מען האט געלייענט אין דער טוירע, האט גערעדט דער אלקאלדע. געווען איז ער ווייניקער געלערנט פון אלעמען, נאר געקענט האט ער פארזנטערעסירן דעם עולעם. ער האט געמאכט מיט די הענט ווי א מאגיד און זיך געקעמט די קאשטאן־בארד:

— מיר גערעדנקט זיך — האט ער געזאגט — אז אין קעשענעוו נאכן פאגראם, האבן יידן געשלאסן די שול, מיר האבן נישט געוואלט מאכן קיין „מי שעבייראך" דעם צאר. דא צווינגט אונדז קיינער ניט מיר זאלן דאס טאן. דערפאר בענטשן מיר די רעפובליק און מיר בענטשן דעם פרעזידענט.

נישט געוווסט האט מען ווער דער פרעזידענט איז, נאר דאס איז נישט וויכטיק. באלד דערויף האט דער עולעם זיך אויפגעקליבן אף דער לאנקע און די ווילדע הארבסט־בלימלעך האבן געגלאנצט אף דעם אימפראוויזירטן גארטן־ביידל, ווו די קאפעליע האט אן אויפהער גע־שפילט די אקארדן פונעם הימן. יונגעלייט האבן זיך בארימט מיט די פערד און די פאנעס פון דער דאמבע, ארום שטייענדיקע, האבן שטיל געקוקט און אנטיילגענומען אין דער סודע פון נאשעריייען און געבעקסן. דער גרויסער בוטל וויין האט געווארט דער קאמיסאר זאל קומען.

פּאַרנאַכט, האָט דאָן בעניטאָ פּאָלאָס זיך באַוויזן מיט זײַן סוויטע און מיט אַ צעפּלאַטערטער פּאָן. דער אַקט האָט זיך אָנגעהויבן. דער קאָמיסאַר האָט אויסגעטרונקען זײַן גלאָז ווײַן און רעב יִשׂראֵל קעל־נער איז אַרויפגעקומען אַף דער טריבונע. אין פּאַשעטן יִדיש און אין נאָמען פון דער קאָלאָניע, האָט ער באַגריסט דאָס לאַנד, „ווו עס זײַנען נישטאָ קיין פּאָגראָמען אַף יִדן" און האָט דערציילט דעם מאָשל מיט די צוויי פייגעלעך, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן אים שוין געהערט דער־ציילן עטלעכע מאָל.

דער מאָשל, גענומען פונעם יִדישן פּאָלקלאָר אין שפּאַניע, האָט לויטן רעדנער, באַדאַרפט סימבאָליזירן די פרײַהייט פון די פעלקער.

— געווען איז אַ פייגעלע פאַרשפּאַרט אין אַן אײַזערנעם שטײַגל. געמיינט האָט עס, אַז אַלע פייגל לעבן אַזוי, ביז דערזען האָט עס אַ צווייט פייגעלע פליט אַרום אין דער לופטן, שטעלט זיך אַף די דעכער און אַף די ביימער. דעמאָלט איז דאָס געזאַנג פונעם פאַרשפּאַרטן פייגעלע טרויע־ריק געוואָרן. דאָס פייגעלע האָט אַזוי לאַנג געקלערט וועגן זײַן פאַר־שקלאָפטקייט, ביז עס איז געפאַלן אַפן געדאַנק צו גריזשען מיט דעם שנעבעלע די גראַטעס.

יאַנקל האָט געגעבן צו פאַרשטיין דאָן בעניטאָ פּאָלאָס, אַ קרעאָל, וואָס האָט זיך ווייניק פאַרשטאַנען אַף שווערע אַרגומענטן, דעם זין פון דער רעדע. און ווי אַן ענטפער, האָט דער קאָמיסאַר רעציטירט די סטראָפן פונעם הימן. די יִדן האָבן ניט פאַרשטאַנען, נאָר ווען עס איז צוגעקומען צום וואָרט „ליבערטאַד", האָבן זיי זיך דערמאָנט אָן זייער אַלטער קנעכטשאַפט, אָן די ביטערע פאַרפאָלגונגען אַפן יִדישן פאָלק יאָרהונ־דערטער לאַנג און זייערע הערצער האָבן אויפגעבראַוזט מיט פרייד און מיטן האַרצן און מיטן מויל האָבן אַלע אײנײנעם, אַזוי ווי אין שול, אויסגערופן:

— אָמיין!

# דער דאָקטער דער באַלמויפעס

די מיידלעך פון ראַכיל, פון ראָש־פּינאַ, פון עספּינדאָלאַ, פון סאַן־גרעגאַריאַ, און די אַלמאַנע מיט די אויגן ווי די ניסלעך, וואָס האָט געוווינט באַם אַרײַנפאָר אין קאַרמעל, האָבן זיך דערפילט אַביסל דער־שראָקן ווען זיי האָבן דערהערט, אַז אַ נײַער דאָקטער האָט זיך באַזעצט אין די קאָלאָניעס.

— וועט ער זײַן אַזאַ ווי דאָקטער רישעניי? — האָט זיך די אַל־מאָנע געפרעגט און האָט זיך דערבײַ מיט איין האַנט צוגעגלעט די האָר און מיט דער צווייטער פאַרריכט אויף זיך דאָס מאָאַרענע גאַרטעלע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו צוזאַמענהאַלטן אויף איר איידעלער טאַליע.

מיט דער פראַגע האָט זי אַרויסגעוויזן ווי שטאַרק די אָרטיקע פרויען געדענקען דעם דאָקטער רישעניי. ווען נאָר ער פלעגט קומען צו אַ כוילע אין דער אומגעגנט, פלעגן זיי אַרויסקומען אויף די טירן פון די ראַנטשאָס, ווי צו אַ יאָנטעוו אָנגעטאָן, קוקן ווי ער רײַט פאַרבײַ אויף זײַן אַלאַסאַן מיט דעם ענגלישן זאָטל, די וואָנצעס אָנגעפּיקסט, דער פאַרשער־קאַש־קעט אַביסל אויף אַ זײַט, אין ברינענע רײַטהויזן און די שטיוול מיט אַ גלאַנץ.

שווער, פונדעסטוועגן, ער זאָל זײַן אַזאַ ווי רישעניי, וואָס האָט גע־האַט איין קאָלע אויף יעדע פינף טשאַקרעס און צוויי אויף יעדע דרײַ וואָק־זאַלן, נישט אַרײַנגערעכנט קאַלאַן, ווו די באַלקאָנען פון דעם הויז וואָס ער האָט באַוווינט, האָבן געהאַט בראַנדזענע אָנלענס. וועט ער כאָטש זײַן אַזאַ ווי דער אַסיסטענט אינעם דאָמינגעזער שפּיטאָל, דער הויכער מאַנספּאַרשוין מיט די ברייטע פּלייצעס ווי אַ סקערדע ווייץ אין אַ גערע־טעניש, וואָס טיילט צוקערקעס די פּאַציענטקעס, באַטאַפּט זיי אַביסל צו

גראָב, פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל מיט דער האַנט און רייצט זיי מיט זײַן פּעטשלען און גלעטן.

מײַן קוזינע כאַנצע האָט געזאָגט:

— איך בין זיכער, אַז ער איז אַ באָכער.

— און איך מיין, אַז ער איז אַ כאַסענע־געהאַטער — האָט איך אָפּגעענטפערט כאַווע, וואָס וווינט נאָך דער דאַמבע און לאָזט אָפּ יעדן ווינטער דעם שידעך, וואָס ווערט מיט גרויס מאַטערניש געשלאָסן יעדן זומער, שניט־צײַט, ווען עס דרייען זיך אַ סאַך יונגעלײַט אַרום דער דרעש־מאַשין.

— און מיר האָט מען געזאָגט — האָט זיך אָנגערופן פרוי אַקס־מאַן — אַז די פרוי זײַנע וווינט אין פּאַריז.

— אין פּאַריז? — האָט מעלאַנכאָליש איבערגעפרעגט די אַלמאַנע און האָט טיף אָפּגעזיפצט. — אין פּאַריז? מיסטאָמע פאָטאָגראַפירט זי זיך אָפּט.

* * *

נאָכעם יאַרכאָ האָט אַוועקגעהאַרגעט די אילוזיעס בײַ די מיידלעך און האָט אַנטוישט די אַלמאַנע. אַנשטאָט אַ פאַרשער־קאַשקעט האָט ער גאָר געטראָגן אַ קאַפּעליוש, וואָס פלעגט אים שטענדיק אַראָפּפאַלן ווי נאָר ער פלעגט זיך אַרײַנזעצן אינעם סולקי. אַנשטאָט לאַקירטע שטיוול, האָט ער זיך גאָר אויסגעפּײַנט מיט זײַנע לײַוונטענע שיך, וואָס האָבן געהאַט געלע לעדערנע נאָסקעס און פלעגט זיי דערצו נאָך טראָגן מיט אַ מין סקאַנדאַליעזן פאַרגעניגן. אײַן זאַך נאָר — סאַפּקאַלסאָף אַ דאָק־טער — אויגנגלעזער האָט ער געטראָגן, מיט גילדענע רייפלעך, נאַטיר־לעך, שטענדיק פאַרצויגענע מיט אַ נעפּל און שטענדיק צעדרייטע אויף זײַן דינער נאָז, אַ דינע און אַ קרומע, וואָרעם זאָגן דאַרף איך אײַך, און זאָל מיר דערלויבט זײַן דער אַנאַכראָניזם, אַז דאָקטער יאַרכאָ איז נישט געווען דאָס וואָס מיר רופן הײַנט אַן אַ ריינער אַריער. פאַרקערט, כאָטש געלערנט האָט ער אין רוסלאַנד, דערגאַנצט זײַן שטודיום אין פּאַריז און געלייענט טאָלסטאָיען, פלעגט מען אים זען יעדן שאַבעס אינ־דערפרי אַרײַנקומען אין שול, מיט דעם זעלביקן קאַפּעליוש און מיט די

זעלביקע שיך, פאַרשטייט זיך. איך דאַרף ניט מיינען, אַז ער האָט אָפּגעהיט דאָס דאַווענען אָדער אַז ער האָט זיך אויסגעהיט פון רויכערן אַ ציגאַרעט אום שאַבעס. נאָכעם יאַרכאָ איז אין דער עמעסן געווען אַ שטיקל אַפּיקוירעס און, צעטראָגענערהייט, פלעגט ער אָפּטאָן איין אַוויירע נאָך דער צווייטער. וואָס זשע, פרעגט איר, פלעגט ער טאָן, ווען ער איז געקומען שאַבעס אין שול און פונקט דעמאָלט ווען דער אַלטער רובינשטיין האָט זיך געגאָרגלט באַ דער הויכער שמוינע־עסרע אָדער ווען מען האָט געהאַלטן באַם לייענען? ער האָט געטאָן דאָס וואָס ער האָט געטאָן אין מעשעך פון זיין גאַנצן פּאַשעטן לעבן, וואָס האָט די ווערט מען זאָל עס דערמאָנען. ער האָט דערציילט מייַסעס און געהערט ווי אַנ־דערע דערציילן. ער איז געווען פון יענעם מין אָריגינעלע מענטשן, וואָס מען טרעפט זיי אָן אין די קישעף־מייַסעס אָדער אין די געשיכטעס פון די פּאָעטן. ער האָט ליב געהאַט שמועסן מיט גאָר אַלטע ווייַבער, מיט די שטאַרק־איַינגעבויגענע און שטאַרק־צעקנייטשטע, וואָס זייַנען פול מיט „ווייַ איז מיר" און מיט „זאָל איַיך גאָט העלפן" און אויסטאָפּן באַ זיי וויַ ערגעץ אַ געשמאַקן סאָד אין שטעטל, און דעריקער ליב געהאַט האָט ער שמועסן מיט יענע זקיינים, וואָס כאָטש געווען זייַנען זיי גרויסע אַמעראַצים און האָבן נישט געוווּסט דעם כילעק פון אַן אַלעף מיט צע־נומענע הענט, ביז אַ ברייט־צעעפנטן דאַלעד, פלעגן זיי זיך פּילפּלען ווי געמאַרע־מעלאַמדים און די גאַנצע כאָכמע זייערע אַרייַנלייגן אין אַ שפּי־ציק וואָרט, אַרויסגערעדט מיט געמאַכטן ערנסט, מיט יענער פיקכעס וואָס דויערט ווי אַ פינטל מיט דעם אויג און גיט אַ צופּ אין דער נאָז ווי אַ שטאַרקער שמעק טאַבעקע, וואָס מען האַלט אים צווישן צוויי פינ־גער, בלוי־געוואָרענע פון יאָרן, פון רויך, פון טאָפּן די רעצוּעס.

* * *

די ערשטע וואָכן פראַקטיק אין די קאָלאָניעס האָבן אים קיין גוטן נאָמען ניט פאַרשאַפט. דער אַסיסטענט פונעם שפּיטאָל האָט נישט גע־מאַכט קיין סאָך פון זייַן שטוינען. דאָקטאָר יאַרכאָ האָט נישט פאַרשריבן קיין זאַלבן און נישט קיין סיראָפּן, פון די וואָס זייַנען אָדער רויטלעך אָדער גרינבלעך, וואָס האָבן אַלע איין רייעך און זייער קאָסט ווערט גע־

שאַצט לויטן פּלעשל, צי איז עס אַ געקאַרבטס אָדער אַ גלאַטס. ניין, בעשום אופן, ער האָט נישט פאַרשריבן, כאָטש געווען איז זײַן טיש פאַרוואַלגערט מיט גראָבע ביכער און כאָטש ער פלעגט באַקומען מעדי־ צינישע זשורנאַלן פון פראַנקרײַך.

די שװיכעטקע איז אַהיימגעקומען פון איר רײַזע קיין דאָמינגעז זייער אַ געערגערטע. װאָרעם געװען איז די רײַזע אַן עמעסע עקספּעדיציע. באַם יאַטקע־פּורל איז אַ ראָד געװען נישט מיט אַלעמען, האָט מען געמוזט שפּאַנען די אָקסן, און די אָקסן, גאַנץ װוילע און שטילע אָקסן, זײַנען געוווינט געװען מען זאָל זיי אָנטרײַבן אַף ייִדיש און האָבן נישט גע־ קענט פאַרלײַדן די קרעאַלישע געשרייען, װאָס האָבן זיי נישט געלאָזן, כאָטש געשפּאַנט האָבן זיי זייער פּאַמעלעך, זיך אָפּצושטעלן אָפּציפּען אַ גרעזל באַם זוים, דעם גאַנצן װעג פון דער קאָלאָניע אין שטעטל, דרײַ מיט אַ האַלבער לעגווע, הין און צוריק.

ער האָט זיך גאָר דערפרייט װען זי איז צו אים אַרײַנגעקומען.

— איך האָב שוין געװאַרט אַף אײַך, מאַדאַם.

די שװיכעטקע איז שטאַרק ניספּאַעל געװאָרן. מען זעט באַלד אַז מען האָט פאַר זיך אַ גרויסן דאָקטער, װאָס װאַרט אַף די כװילאָים, כאָטש זיי גיבן װעגן דעם נישט צו װיסן אָפּריִער. פאַרשטייט זיך, אַז ער װאָלט זיך נישט גענומען די מי צו טרעפן װען די כאָזמאַװיטשקע װעט קומען. יענע איז אַן אַבי־װוער, קאַכט אום שאַבעס, קנײַפּט די יונגעלײַט װען זי קומט אַף אַ כאַסענע און ציט זיך אײַן דעם גאָרסעט, אַז ס'איז אַ ביזאָיען צו קוקן. געװאַרט האָט ער אַף איר, דעם ראָש־פּינער ראָװעס אַ געשװעסטערקינד, אַ פרומע און אַן אָפּגעהיטענע אין די װײַבערשע מיצװעס. אַזוי אָפּגעהיטן, אַז אַקוראַט צו דער זילבערנער כאַסענע, האָט זי געהאַט איר מעזיניק.

— האָט איר, הייסט עס, געװאַרט אַף מיר — האָט זי אַ מורמל געטאָן װי נאָר זי איז צו זיך געקומען פון שטוינען און האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— איך האָב דערװאַרט איר זאָלט קומען — האָט דער דאָקטער גע־ זאָגט. — ביז האַלבן טאָג װאַרט איך אַף מײדלעך. זיי זײַנען מיט גאָר נישט ניט פאַרנומען, קומען זיי צום דאָקטער אײדער זיי גייען אין קראָם אָנקוקן סכוירע אַף אַ קלייד אָדער שפּיצן און סטענגעס.

— ס'איז עמעס, דאָקטער; מיידלעך זייַנען נאַרישע געגנדן. כּאַמאַ־וויטשעס וויַבל, זעט איר...

— און באַטאָג — שלאָגט איבער יאַרכאַ — וואַרט איך אַף די יוסטע באַלעבאָסטעס. זיי קומען, דערציילן אויס דעם דאָקטער ווו עס טוט זיי וויי און דערנאָך גייען זיי אין קראָם אָנקוקן סכוירע, שפּיצן און סטענגעס. איר אָבער זייַנט אַנדערש; איר דאַרפט אייַך אָפּהיטן.

— גאָט מייַנער, אַזוי שטאַרק קראַנק בין איך, דאָקטער?

— אַזוי שטאַרק ניט; איר דאַרפט אייַך נאָר היטן. ווער דאַרף זיך דען ניט היטן?

— דער דאָקטער רישעניי האָט מיר נישט געהייסן עסן קיין פליישׁ.

ער האָט זי צוגעפירט צום פענצטער. דאָס אָפּגעשניטענע ראַכוועס־דיקע פעלד האָט מיט דער סטערניע געפלאַמט אַקעגן דער זון און אין דער לויטערער לופט האָט געזאָטן דאָס טאָגליכט.

— קוקט זיך נאָר גוט איַין. איר זעט דאָרטן וואָלקנס אָפּגיין, ווי די ראָזעווע שעפעלעך? האָט איר אַמאָל געזען אַזוינע וואָלקנדלעך באַ אייַך אינעם פאַרדריפּעטן רוסישן שטעטל?

— איך האָב נישט די טעווע צו קוקן אַף וואָלקנס. איך בין אַזוי פאַרנומען.

— מאַדאַם, מען דאַרף יאָ קוקן אַף די וואָלקנס. גלייבט מיר, ס'איז זייער גוט צום געזונט.

— וואָס־זשע איז אייַער אייצע, דאָקטער?

— מייַן אייצע איז איר זאָלט יאָ עסן אַ שטיקל פליישׁ, איר זאָלט זיך נישט ערגערן צו פיל און נישט נעמען קיין רעפּוּעס. פאַראַן מענטשן, וואָס רעפּוּעס שאַטן זיי. וואָס האָט איר בעסער ליב: פּראַקעס צי גע־פילטע פיש? עפּשער וואַרעניקעס מיט קאַרטאָפל און גריוון? אַז איך וועל אַמאָל קומען צו אייַך אין קאָלאָניע, פאַרגעסט ניט מיך צו פאַר־בעטן צו אייַך אַף וואַרעניקעס. און וואָס שייַעך דעם פּוס, הערט אייַך נישט צו.

— ווינאַזוי ווייסט איר אַז מיר טוט וויי אַ פּוס?

— אַף וואָס דען האָט אונדז גאָט געגעבן פיס אויב ניט אַף ווי צו טאָן? ווילט איר איך זאָל אייַך געבן אַ באַוווּיַז דערויף? רעב איציע פון סאָן־מיגעל קלאָגט זיך קיינמאָל ניט אַף די פיס, ווייַל ער האָט זיי

ניט. איז עס דען ניט אַז אַז ערעד בעסער, פרעג איך אײַך, די פיס זאָלן ווײי טאָן, ווי אײַך, לעמאָשל, איידער זיי זאָלן נישט ווײי טאָן, ווי רעב איציען?

— ס׳איז זיך נישט צום גלויבן — האָט זי איבערגערעדט פאַר די שכיינעס. — קיין סיראָפּ אפילע האָט ער מיר ניט פאַרשריבן. איז ער טאַקע אַ דאָקטער? — און ווי זי וואָלט זיך אין עפעס מוידע געווען און מוירע געהאַט צו זינדיקן, האָט זי צוגעגעבן: — מאָדנע, וואָס אַז ער רעדט, מוז מען שמייכלען. דער דאָקטער אַליין שמייכלט. מען פאַר־געסט זיך גאָר אַז ער איז אַ דאָקטער, ער הערט נישט אויף צו שמייכלען.

* * *

דער אוילעם אין ראַכיל, אין ראָש־פינאַ, אין עספּינדאַלאַ, אין סאַן־גרעגאָריאַ, לעבט אין הוילע וואַרטעניש. אַ וואַרטעניש ביז ווייטיק. ניט מאַכמעס דער טריקעניש און מען וואַרט אַף רעגן, נישט מאַכמעס עס גייען אום קלאַנגען וועגן אַ רעוואָלוציע, וואָס נעמען זיך דערפון וואָס אינעם וויזשאַגווײַער האָטעל איז אײַנגעשטאַנען אַ פאַלקאָווניק פון פאַ־ראַנאַ, און נישט מאַכמעס מען האָט פאַרויסגעזאָגט גרויסע מאַבנעס היישעריק. דאָס וואַרטעניש האָט זיך גענומען פון אַ דראַמאַטישער פאַ־סירונג. מאַריִאַ די האַרבאַטע ריכט זיך אין קימפּעט. נאָך פאַראַיאָרן האָט זי באַדאַרפט געלעגן ווערן און דער דאָקטער רישעניי האָט זיך געשראָקן דערפאַר ווען ער האָט זי באַקוקט.

— אײַער ווײַב קען נישט האָבן דאָס קינד — האָט ער צו וויסן געגעבן דעם מאַן.

צום גליק איז דער דיאַגנאָז געווען אַ פריצײַטיקער. דאָניאַ מאַריִאַ איז דעמאָלט געווען אַזוי ווײַט פון געלעגן ווערן, ווי איצט נאָנט דער־פון. די האַשגאָכע האָט זיך דערבאַרעמט איבער איר און איצט קען שוין דאָס גאַנצע שטעטל שטעלן דעם דיאַגנאָז. אַ זאָרג האָט פאַרשאַפט איר אויסזען פון אַ פאַרזעעניש מיט אַ שיין פּנעם און ליכטיקע טרויע־ריקע אויגן, לאַנגע ברעמען און אַ שעמעוודיקן ריידן, וואָס האָט דאָכט זיך געבעטן מעכילע פאַרוואָס זי איז געקומען אַף דער וועלט, וואָס פרייט זיך מיט אַזוינע פרויען ווי די קאַרמעלער אַלמאָנע. אַ ראַכמאָנעס

איז געווען וואָס אַט־דאָס ליכטיקע פּאָנעם האָלט זיך אָף אַזאַ נישטיק און נישט זגראַבנע גופל.

— גאָט הייליקער! — האָט זי געזיפצט. — מײַן קינד זאָל כאַ־לילע נישט געראָטן זײַן אין מיר...

— אויב דאָס קינד וועט זײַן געראָטן אין אײַך, וועט עס האָבן אײַערע אויגן, אײַער קאָל, און וועט זינגען אַזוי ווי איר זינגט. אויב איר זאָגט מיר צו, אַז איר וועט עס קיינעם נישט דערציילן, וועל איך אײַך אויסזאָגן אַ סאָד. גאָט האָט מיט מיר איינינעם געלערנט אין פּאַ־ריזער אוניווערזיטעט און איך שווער אײַך, אַז גאָט ווייס וואָס ער טוט. איך קען אים גאַנץ גוט.

און די האַרבאַטע האָט געשמייכלט. געשמייכלט האָבן אירע אויגן, געשמייכלט האָבן אירע בלייכע און דורכזיכטיקע הענט, ווי זיי וואָלטן שוין זשעדנע געציטערט איבערן קינדס קעפּל, וואָס איז צוגעטוליעט צו איר ברוסט.

— דאָס קינד וועט שטאַרק שרײַען, עמעס, דאָקטער? — האָט געפרעגט מאַדאַם מירנער, וואָס איז פון זיך געוואָרן אַקושאַרקע, פון דער גרויסער צאָל אירע פּלימעניקלעך און אייניקלעך, און איז געגאַנגען צו געווינערנס.

— און איר האָט דען ניט געשריגן? וואָס גייט עס אײַך אָן? צווישן איין געשריי און דעם צווייטן שלאָפט מען דען ניט? זאָגט מיר בעסער וואָס הערט זיך מיקויעד בינימין ריבערס געט?

— ווער האָט דען נישט געהערט? איך בין כאַלילע נישט טויב. איך האָב נישט ליב נאָכצורײדן וואָס מען פּלוידערט, נאָר ריבער, ווייס איך, איז זייער אומגליקלעך. שטעלט אײַך פאָר, אַז פּייסעך אין שול אַרײַן, איז דאָס ווײַב זײַנס געגאַנגען מיט געפּאַרבטע באַקן.

* * *

אין אַ זונטיק פּאַרנאַכט, האָט מען געזען, האָט זיך דעם דאָקטערס סולקי אָפּגעשטעלט בײַ דער האַרבאַטערס ראַנטשאָ. האַרבאַטע, מוז מען דאָ זאָגן, האָט מען זי גערופן נישט דערפאַר וואָס זי האָט געהאַט אַ האַרב, נאָר דערפאַר וואָס דאָס איינציקע וואָס איר האָט געפעלט צו האָבן איז

געווען אַ האַרב. ליגנדיק אין בעט, אַ שוויַיגנדיקע, מיט צעשראָקענע אויגן, האָט זי זיך צעשמייכלט באַם אַריַינקומען פון דעם מענטשל, וואָס האָט צו איר געשמייכלט. קלענער געוואָרן איז איר שרעק, קלענער איי־רע אַנגסטן.

— ווי שיין איַיער צימער איז, מאַריַאַ! איַיער צימער זינגט, אַזוי ווי איר. דאָס קוקט אַזוי ווי איר און וועט האָבן אַ קינד, אַזוי ווי איר.

איבער דער ברייטער גאַס, אַ באַזוימטער מיט פּאַראַדיזן־ביימער, האָבן פּאַרזיכטיק און מיט היספּיַילעס פאַרביַיגעשפּאַצירט די באַוווינער פון ראַכיל.

די פייגל, געשטערטע אין זייער רו, זיַינען אומגעפלויגן פון בוים צו בוים. אַפן שאַרפן קאַנט פונעם דאַך האָט געמיאַוקעט אַ שוואַרצער קאָטער. דער הונט האָט האַסטיק געשפּרונגען און געבולן אַקעגן דער לעוואָנע, אַ קיַילעכדיקע לעוואָנע, וואָס האָט נאָכגעשפּאַצירט די שפּאַ־צירנדיקע און געשראָקן די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געקושט מיט די באַסאַנים הינטער דער שניַיד־מאַשין. דער דאָקטער יאַרכאָ איז אַרויס־געגאַנגען אין דרויסן אויסרויכערן אַ ציגאַרעט. די וויַיבער האָבן אים געאיַילט:

— ווי מאָדנע, דאָקטער! דאָס קינד שריַיט ניט...

— וויַאַזוי, ווילט איר, זאָל עס שריַיען אין אַזאַ לעוואָנע־נאַכט? עס וואָלט דאָך פּאַשעט געווען אַ ביזאַיען.

יאַנקל, וואָס האָט צו די צוועלף יאָר באַקומען אַ שעם פּאַר אַ כוצ־פּעניק, פון אַ געפערלעכן ריַיטער און צוימער, האָט אַ קוק געטאָן אויף דער לעוואָנע און האָט געוואָלט געווינען יאַרכאָס צוטרוי מיט אַן אַס־טראָנאָמישער שיַילע:

— פון וואָס איז געמאַכט די לעוואָנע, דאָקטער?

— פון סטעאַרין מיט האַרטע אייער.

— זי איז נאָך קיינמאָל נישט אַראָפּגעפאַלן?

— קאָיאָר פאַלט זי אַריַין אינעם פּאַראַנאַ און איידער די שטערן קומען אַרויס, כאַפּט זי דער פישער וואָס אין הימל אין זיַין נעץ און לאָזט איר זיך ווידער קיַיקלען. אויב דו ווילסט עס זען, קלעטער אַרויף אויף דעם אייקאַליפּטן־בוים אין באַלוואַנעראַ און בליַיב דאָרט זיצן ביז סע וועט אָנהייבן טאָגן.

אַ סאָווע האָט אין שאָטן אַ צוגעלאָשענעם טשיסקע געטאָן, אַ פלע־דערמויז איז דורכגעפלויגן, דער הונט האָט ווידער די לופט צעשפּאָלטן מיט זײַן בילן און פון אינעווייניק האָט זיך דערהערט דאָס געשריי פון אַ קינד, פון אָנהייב אַ צוגעשטיקטער, און באַלד דערויף אַן אָפענער, אַ לאַנגער.

און מער האָט מען שוין דעמאָלט דעם דאָקטער נישט געזען. אייי־דער מען האָט צוגעמאַכט די טיר, האָבן בײַ דער שײַן פונעם לאָמפּ אַ פינקל געטאָן גרויסע מעטאַלענע לעפל.

* * *

פון יענער נאַכט אָן פלעגט מען אַרויסריידן דעם דאָקטער יאַרכאָס נאָמען מיט אַ פרומען דרערעכערעץ. מען האָט דערציילט מאַפּסים וועגן דעם ווי ער היילט די קראַנקע, מען האָט אים נאָכגעזאָגט מויפּעסדיקע ווערטער. אין וואָס זײַנען באַשטאַנען די מאָפּסים אָדער די וווּנדער? קיינער האָט זיי נישט אויפגעקלערט, קיינער האָט אין זיי נישט גע־צווייפלט. פון די אָרעמע פאַרוואָרפענע דערפלעך מיט ייִדישע פּויערים ביז די אַלטע פּראָווינץ־שטעט, האָט זיך געשפּרייט זײַן אויפגעקומענער נאָמען. גערופן האָט מען אים פון ווײַטע געגנטן און דער וויזשאָגווײַער דאָקטער און דער גוואַלעגווײַער פלעגן קומען קיין דאַמינגעז אין שפּיטאָל זיך מיט אים אַן אייצע האַלטן בײַ קאָמפּליצירטע פאַלן. דאָקטער פּיטאָ, פון די קאָרדאָבער פּיטאָס, האָט אים בײַ איינעם אַ פאַל געראָטן:

— קאָלעגע, איר באַגייט אַ פעלער וואָס איר זיצט אין די פאַר־וואָרפענע ייִשובֿים. פאָרט קיין בוענאָס־אײַרעס, דאָרט וועט איר ווערן באַרימט און רײַך.

— נאָכמער באַרימט ווי דאָ, איז נישט קיין גרינגע זאַך. אַלע דאָ גריסן מיר, אַלע דאָ העלפן מיר פאַרריכטן די פּאָסטראָנקעס בײַ מײַן סולקי. איך ווייס ניט פון וואָס מען מאַכט בײַ קרעספּין די פּאָסטאָראַנ־קעס, וואָס זיי צערײַסן זיך בײַ מיר נאָך יעדע דרײַ נעסיעס. און וואָס שײַעך רײַך, קען איך אײַך זאָגן, אַז איך בין שוין גענוג רײַך. איך פאַרמאָג דרײַ און צוואַנציק העקטאַר ערד, צוויי פּאָר שיך און מײַן פרוי איז ערשט אָנגעקומען פון אורוגווײַ מיט אַ נײַעם הוט.

— שפּאַסט נישט, דאָקטער. אַ שאָד, וואָס איר פּאָרט נישט קיין בוענאָס־איַירעס. פּאָרט כאָטש קיין פּאַראַנאַ. פּונקט צום יאָר ווערט איר דאָרט דעפּוטאַט.

— טאַקע? דאַנק איך איַיך וואָס איר האָט עס מיר געזאָגט. איך האָב גערעכנט קומענדיקע וואָך צופאָרן אין שטאָט, נאָר נאָך דער יעָ־דיִע, דערוועג איך מיך ניט. און איר דאַרפט וויסן, אַז דער גובערנאַטאָר איז מיַינער אַ גוטער פריַינט. גייט פאַרלאָזט איַיך אָף פּאָליטיקער!

— אוואַדע, איר לעבט מיט דעם שפּאַס.

— איך לעב גאַנץ ערנסט, פריַינט מיַינער. וואָס וועל איך טאָן אין בוענאָס־איַירעס? וואָס וועל איך טאָן אין פּאַראַנאַ? מענטשן אין בוענאָס־איַירעס און אין פּאַראַנאַ ליַידן, מאַטערן זיך, פאַלן אַריַין אין יִעש, טראָגן זיך אַרום מיט וויטיקן, וואָס זיי אַליין טראַכטן זיך אויס און גיבן זיך קיין רעכענונג ניט אָפּ פון די וויטיקן, וואָס גריזשען זיי מיט אַן עמעס, פּונקט ווי אין ווישאַגוויַ און דאַמינגעז, אין ראַכיל און אין לאָס־מאַסקאָס. דאָ, אויב די קראַנקע דערלויבן עס מיר, פאַרברענג איך שאָען־לאַנג אין די פּרימאַרגנס באַ מיר אין גאָרטן, מיט מיַין בוך אָף די קניִען, אונטערן פּאַראַדיזן־בוים, ווו די קאַלאַנדריע זעצט זיך אוועק, — מיט די פייגל בין איך אָף דו, ווי איר ווייסט. — און די שטאָטישע פּראָפעסאָרן האָבן עס ניט. פאַרוויַילן איַיך דען ניט די בינען?

פּיטאַ האָט דערויף נאָכגעקלערט:

— דערפאַר, אַפּאַנים, זאָגט מאַסיאַ, אַז איר זיַינט אַ פּילאָזאָף. דערפאַר און צוליב דעם גלעזל.

די מיַיסע מיט דעם גלעזל איז געווען באַרימט. געקומען איז איינ־מאָל צו אים אין קאַבינעט אַ גוטבאַזיצער פון לאַ־קאַפּיזשאַ און בעסאָד זיך געקלאָגט פאַר אים, אַז זיַין זון הייבט אָן ליב צו באַקומען אַ קויסע.

— ס'איז מיר אַ וויטיק, דאָקטער, אַ גרויסער וויטיק. איך ווייס ניט פון וועמען ער האָט דאָס געיאַרשנט; זעט, איך בין שוין לאַנג אַריבער די פופציק און מיר האָט זיך קיינמאָל נישט געגלוסט נעמען אַ גלעזל.

יאַרכאָ האָט געגעבן אַ שפּרונג־אויף און אַריַינגעשריגן צו זיך אין שטוב אַריַין:

— גוטערמאַן! ברענגט נאָר אַהער די פלאַש מיט כערעז! — און

צום גאַסט האָט ער זיך אָנגערופן: — איר וועט פון דאַנען נישט אַרויס־גיין ביז איר וועט נישט פאַרזוכן אַ גלעזל.

— איר טרינקט? — האָט דער גוטבאַזיצער אַ מרוקע געטאָן ווען ער איז צו זיך געקומען פון שטוינען.

— איך טרינק, איך עס, איך שלאָף און איך פאָר אַף אַ סולקי.

— איך וואָלט עס נישט געגלויבט.

— איבעריקנס, ביז איך ריטועל דערצו געצווונגען. לויטן ייִדישן דין טאָר איך נישט עסן קיין כאַזער און מוז מאַכן אַ בראָכע אַף ווייַן. אַזוי ווי די בראָכעס מאַכן אַף אויסנווייניק קען איך ניט, ביז איך יוצע מיט דעם טרינקען אַליין.

— זייער ווויל; אָבער אַז איר טרינקט איבער דער מאָס...

— איבער דער מאָס טרינקען קען איך ניט, מאַכמעס איך האָב דערצו קיין צייַט ניט. אַכוצדעם דאַרף מען זיך ביכלאַל היטן פון איבער־כאַפּן די מאָס. געדענקט איר עפּשער וואָס עס האָט פּאַסירט מיט יִס־ראָעל פּייַנמאַן? נעבעך, אַזאַ פּרומער מענטש, אַזאַ ליבער מענטש! פון גאַנץ פרי, ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען, ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער קיין אַנדער זאַך נישט געטאָן ווי נאָר געדאַווענט. ער האָט געדאַוונט און באַ אים האָט דאָס שטיבל אָפּגע־ברענט. פון דעמאָלט אָן דאַוונט ער נישט מער. ווי געפעלט אייַך דער כערעץ? ס'איז אַ מאַטאַנע.

— פונעם גובערנאַטאָר?

— ניין, דער גאַלעד פון קאָנקאָרדיאַ האָט עס מיר צוגעשיקט.

דער וויזשאַגווייַער בירגערמייַסטער האָט מיט די מייַסעס, וואָס ער פלעגט וועגן אים דערציילן, אים געהאָלפן מאַכן אַ נאָמען פון אַ פּילאָ־זאָף. מיט זייַן פּאַשעטן פּינטאַרעסקן לאָשן פלעגט ער דערציילן וועגן זייַנע אַוואַנטורעס אַלס מעדיצינער, באַזונדערס די עפּיזאָדן מיט דעם סולקי, וואָס איז געבליבן שטעקן אין דער בלאָטע באַם טייַכל ווערגאַראַ. אים האָבן זיך אין קאָפּ ניט פּאַטויפּעט די אידעען, וואָס דאָקטאָר יאַרכאָ האָט איינמאָל אַרויסגעבראַכט באַ אַ פאַרזאַמלונג, וואָס מען האָט פאַר־רופן אַף צו דיסקוטירן וועגן וויכטיקע אויסבעסערונגען אינעם יִישעוו.

— מען קען גאַנץ פּאַשעט פאַרריכטן דעם שטאָט־פּלאַץ, דעם קלויס־טער, דעם שטאָטראַט. דינסטיק ביז איך אַהיימגעפאָרן פון דאָמינגעז מיט

מיין פארמאטערטן פערדל און האב מיד אפגעשטעלט ער זאל זיד אביסל אויסרוען. פלוצים דערזע איד פאר מיר מיט א פאר קילאמעטער וויטער, א שטאט א פייערדיקע, א דורכזיכטיקע, מיט גאלדענע טורעמס, גאלדענע קופאלן, גאלדענע פאלאצן, גאלדענעביימער. איד קען גיין אין געוועט — האב איד בא מיר א טראכט געטאן — אז די סולקי באם דארטיקן דאקטער איז אויד א גאלדענע. איד האב מיד געלאזט פארן וויטער. צי װאלט מען נישט געקענט, זאג איד, נאכמאכן די שטאט, וואס שווימט אום א פארלוירענע אפן האריזאנט? ס'איז נאריש, מיין איד, נאכצומאכן גראד מיעסע זאכן. ווען מען קלייבט מיד אוים פאר בירגערמייסטער, וואלט איד גענומען די שטאט, וואס איד האב געזען אין די וואלקנם און וואלט זי אוועקגעשטעלט פון אלע פיר זייטן וויזשאגוויער שטאט-פלאץ.

די גאוטשן פלעגן זיד נישט אפהאלטן פון רופן אים אום האלבער נאכט אדער פארטאג. דאקטער יארכא פלעגט זיד שלעפן אף זיין אפגעפארענער סולקי טוצנוויין קילאמעטער ראטעווען א קינד פון דיפטעריע, אפערירן א פארוווּנדעטן, היילן א טשינא, וואס די שטייפע געגנטלעכע דאקטוירים האבן זי פארלאזט. ער פלעגט פארן צום סאןגרעגאריער טשערעט, וואס אין זיינע ווילדערנישן האבן זיד אויסבאהאלטן גאנאווים און גאוטשן, וואס האבן בא וואסקעזן אין שענקל צו פרייגעלאזט דאס מעסער. אין די נארעם פון טשערעט און בלעכן פלעגט דאקטער יארכא צעעפענען זיין רענצל און ארויסנעמען די רעפועס, קעדיי די פלייטים זאלן נישט דארפן פארן אין אפטייק און זיין אויסגעשטעלט אף א באגעגעניש מיט פאליציי.

איינמאל האבן אים אפן וועג קיין סאן-סאלוואדאר באפאלן באנדיטן, וואס האבן זיד פארלייגט אף א פארטיע ביקעס באם וואקזאל אין עסקריניא. עס האט דעמאלט גערעגנט און געדונערט, אזוי ווי עס רעגנט און עס דונערט אין ענטרע-ריאס ווען דער הימל צעעפנט זיד. א בליץ האט באלויכטן דעם רער פון דער ביקס באם גאזלען אין די הענט.

שוין א שטייענדיקער אין דער סולקי, האט יארכא א פרעג געטאן בא דעם איבערפאלער:

— שוין בעסער געווארן בא אייד די האנט, גאנסאלעז?

גאָנסאַלעז און די זייניקע האָבן דערעקנט דעם אומגעריכטן פּאַ־סאַזשיר:

— דאָס איז דאָך דער דאָקטער!

— זייט אַזוי גוט, גאָנסאַלעז, אויב איר זייַנט שוין דאָ, פאַרריכט מיר דאָס ציימל באַ מײַן פערדל...

אַזוי פלעגן ייִדן אין שול, גאַוּטשן אין די פאַכט-שטיבלעך, ווייַבער אין די קאָלאָניעס רימען זייַן קענטעניש, זייַן גוטמוטיקייט און כאָכמע, זייַנע מייַסעס, זייַן שמייכל. די ווייַבער האָבן אים מיטן גאַנצן האַרצן פאַרגעטערט און אַפילע די קאַרמעלער אַלמאַנע האָט זיך שוין פאַרגעסן אַף דעם דאָקטער רישעניי, וואָס האָט אין אירע אויגן צו זיך קיין גלייַכן נישט געהאַט.

— גאָט מייַנער, סאַראַ שמייכל ער האָט! — פלעגט זי זאָגן אַז אויפגעטרייסלטע מער מיט דעם האַרצן ווי מיט דעם לייַב.

— און זייַן רייד! — האָט אַידאַ צוגעגעבן פון איר זײַט. די אַידאַ, וואָס אַלע האָבן זיך אָפּגעקערט פון איר אין קאָלאָניע צוליב דער מייַסע מיט דעם ייִנגל פון בעניטעזעס גוט. ווען דאָס, וואָס קיינער האָט נישט דערמאָנט און קיינער האָט נישט פאַרגעסן, איז געשען, איז איר מוטער געקומען צו יאַרכאָ פרעגן אַז אייצע.

— דאָקטער, אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן, אַ גרויס אומגליק, מייַן טאָכטער... וואָס זאָגט איר דערצו?...

— אייַער טאָכטער איז דאָס שענסטע מיידל דאָ הי; אַ טייַער מיידל, מאַדאַם.

— יאָ, נאָר אַנשטאָט כאַסענע האָבן... אַן אומגליק, ווי איז צו מיר, אַן אומגליק, האַר דאָקטער.

— וואָס מיינט איר דערמיט, אַז זי האָט נישט כאַסענע געהאַט? זי האָט דאָך כאַסענע געהאַט אין דיאַמאַנטע. איך בין דאָך געווען אַן איידעם באַ איר כאַסענע! איך און סאַנדראָוואַל... איר קענט סאַנדראָוואַלן?

ווען די מוטער איז שוין געהאַט אַוועק, האָט יאַרכאָ אַנגעזאָגט גור־טערמאַנען:

— פאַרגעס נישט: סאַנדראָוואַל און איך זייַנען מיר געווען איידעם באַ דער כאַסענע. צום גליק, איז דאָס רוכישע באָבערל געשטאָרבן אין

אורוגווייִ און וועט אונדז נישט קענען אַפּלייקענען. און סאַנדאָוואַל אויך ניט, וואָרעם מיר ווייסן ניט ווער ער איז...

יאָרן־לאַנג האָט מען אים דערמאָנט, זיינע מאַפּסים דערציילט. דער ראָוו האָט געפּאַסקנט:

— אַ צאַדיק געווען. איך האָב נאָך נישט געזען אַזאַ טיף־ייִדישן ייִדן.

דער קאָמיסאַר האָט זיך געקראַצט זיין שרעקלעכע נאָז און האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג:

— אַ גרויסער גאַוטש איז ער געווען.

די ווייַבער, די אָרעמע ווייַבער, די שיינע ווייַבער, וואָס קענען זיך אַף מענטשן מער ווי דער ראָוו און מער ווי דער קאָמיסאַר, האָבן געפּליסטערט:

— זיין שמייכל, זיין שמייכל!

און די ווייַבער, די אָרעמע ווייַבער, די שיינע ווייַבער, האָבן געשמייכלט און געשמייכלט...

# די זילבערנע מענורע

דער ראַנטשאָ איז אײַנגעהילט געווען אין טיפֿער ליכטיקייט, אין דער מענוכעדיקער ליכטיקייט, וואָס פֿאַלט פֿון דער האַרבסטיקער פֿרימאָרגן־זון. דורך דעם פֿענצטערל אין דער קויטיקער און אָנגעשפּאַלטענער וואַלקענער וואַנט האָט מען געזען דאָס פֿעלד זיך ציִען ווײַט, זייער ווײַט, אַריבער דעם בערגל, ווו שטענגלעך קאַרדאָ האָבן געגעלט און דער איינציקער פּאַראַדיזן־בוים האָט געשטרעקט זײַנע אָדערדיקע צווײַגן. אַביסל נענטער, האָט די קו, מיט אַ שטיקל שטריק אַרום האַלדז, געלעקט דעם רוקן באַם קעלבל.

געווען איז עס שאַבעס. אַ שטילקייט איז געשטאַנען אין דער קאָלאָניע און פֿון צײַט צו צײַט האָט זיך דערטראָגן דאָס קאָל פֿון אַ קאָלאָניסטקע, וואָס האָט זיך אונטערגעזונגען. ווען דאָס ווײַב איז אַרײַנגעקומען, האָט שוין געדאַליע געהאַט אָנגעטאָן דעם טאַלעס און, פֿאַרטאָן אינעם פֿאַרנטיקן דאַווענען, האָט ער זי קוים געזען אַרײַנגייען. ער האָט איר מיט דעם מויל און מיט דעם קאָפּ אָנגעוויזן אַף צוריק, זי זאָל אים ניט שטערן, ניט איבערשלאָגן. זי האָט פֿאַרשטאַנען, האָט אַ קוק געטאָן אַף דער שוועל און איז שטיל אַרוים אינדרויסן. געדאַליע האָט מעכאַניש געהערט ווי זי זאָגט, אַף יענער זײַט טיר, צו דער טאָכטער:

— איך האָב אים נישט געקענט פֿרעגן, ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען.

געדאַליע איז געווען זייער פֿרום. מען האָט אים נישט פֿאַררעכנט צווישן די גרויסע לאַמדאָנים פֿון דער קאָלאָניע און האָט זיך אויך נישט אויסגעצייכנט אַף די אַסיפֿעס אין שול באַ די אינטערעסאַנטע וויקוכים איבער אַ שווערן טײַטשוואָרט אָדער אַ ניט קלאָרן שטעל אין דער טוירע. געווען איז ער אַ שטילער מענטש, מיט אַ גראָב טרויעריק קאָל. אין

זײַנע קוואַליקע אויגן, באַשאָטנטע מיט אַש־קאָלירטע צעשויבערטע ברע־מען, האָט זיך שטענדיק געלויכטן אַ נישט־דרײַסטער מילדער בליק, ווי אַ כאַלעשדיק פֿלעמל.

אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער מיזרעד־וואַנט, האָט זײַן הויכער מאַגערער גוף אויסגעזען נאָך לענגער אונטערן טאַלעס, וואָס איז אים געפֿאַלן אין פֿאַלדן ביז דער ערד. פּלוצים האָט ער דערפֿילט ווי עמעצער דרייט זיך לעבן פֿענצטער. נישט מאַפּסיק געווען דאָס דאַווענען, האָט ער פּאַמעלעך דעם קאָפּ אומגעדרייט אַף צו זען וואָס דאָרטן טוט זיך, און האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם שאָכן, וואָס האָט געדינט בײַ פּאַ־ניעז און שפּעט אָפּ פֿון זײַן פֿרומקייט. נאָר געווען איז עס ניט דער שאָכן, נאָר עפּעס אַ פֿרעמדער, וואָס האָט די האַנט אַרײַנגעשטעקט צו דערלאַנגען די מענוירע, אַ זילבערנע מענוירע, אַ מישפּאָכע־יערושע, וואָס האָט אינעם פֿויערישן ראַנטשאָ פֿון דעם אימיגראַנט איידעם געזאָגט אַף זײַן ייִכעס: זי פֿלעגט שטיין אַ מאַלכעסדיקע און גלאַנצן מיט אירע זיבן קײַלעכדיק־געבויגענע רערן, וואָס אין זייערע פּאַשעט־געשניצטע רייזלעך האָט אַ שײַן געפֿונקלט, ווי עס וואָלטן אין זיי געברענט די שאַבעס־ליכט. געדאַליע האָט דאָס דאַווענען ניט מאַפּסיק געווען: ער האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אַף דעם אומבאַקאַנטן און אינצווישן די הייליקע ווערטער, האָט ער נאָר די וואָרענונג אַרײַנגעשטעלט:

— אי נו, שאַבעס, שאַבעס...

דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס ער האָט געקענט זאָגן און ניט פֿאַרשוועכן זײַן פֿרומע אַווודע. דער אומבאַקאַנטער האָט צוגענומען די מענוירע און געדאַליע האָט ווײַטער געדאַוונט, זיך געשאָקלט אין טאַקט מיט די פּסוקים. ער האָט אָפּגעזאָגט די בראָכעס און שטיל גע־מורמלט ביז ער האָט פֿאַרענדיקט דאָס דאַווענען. דעמאָלט האָט ער שטאַרק אָפּגעאָטעמט. די ליכטיקייט האָט זיך צעגאָסן איבער זײַן אָפּגע־צערטן פּאָנעם, איבער זײַן געקנייטשטן שטערן, איבער זײַן לאַנגער און שיטערער באָרד, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן ווײַס ווערן.

ער האָט פּינקטלעך צונויפֿגעלייגט דעם טאַלעס און אים באַהאַלטן אינעם שופֿלאָד פֿון דער קאָמאָדע. ווען דאָס ווײַב איז אַרײַנגעקומען, האָט איר געדאַליע רויִק צו וויסן געגעבן:

— מען האָט אונדז צוגעגאַנוועט די מענוירע...

ער האָט געמאַכט האַמויצע איבערן ברויט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און האָט זיך אָוועקגעזעצט עסן, ווי ער פּלעגט עס שטענדיק טאָן נאָכן דאַווענען. דאָס ווײַב האָט מיט פאַרדרוס אַ געשריי געטאָן:

— און ווו ביזטו געווען, שטיק גוילעם...?

רויִק, ווי איינער וואָס פּרוּווט יענעם איבערצײַגן, אַז ער האָט געטאָן ווי זײַן כּיוון איז געווען, האָט ער איר געענטפערט:

— איך האָב אים געוואָרנט, אַז ס'איז שאַבעס...

## אַרגענטיניזמען וואָס געפינען זיך אין בוך

אַ ל אַ ס אַ ן — אַ צימרינג־קאָלירטער פערד.
אַ ל מ אַ ס ע ן — אַ שפּייַז־קראָם.
אַ ל ק אַ ל ד ע — בירגערמייַסטער.
אַ ס אַ ד אַ — געבראָטנס.
ב אַ ז ש אַ — ליכטיק־געלער פערד.
ב אַ ל ע אַ ד אַ ר אַ ס — בלייַערס וואָס מען בינדט באַם עק פון אַ שטריק צום פאַרוואַרפן דעם פערד פאַר די פיס און אים כאַפּן.
ב אַ מ ב אַ ט ש אַ ס — ברייטע הויזן, פאַרשנירעוועט באַ די קנעכלען.
ג אַ ו ט ש — ספּעציפיש־אַרגענטינישער פעלד־מענטש, געניטער רייַטער און ציימער, מעסער־העלד.
ג אַ ל פּ אַ ן — טוויע־שפּייַכלער.
ג אַ ל י ע ג אָ אָדער ג אַ ז ש ע ג אָ — שפּאַניער פון די גאַליסיאַ־פּראָווינצן.
ג ר י נ ג אָ — פּריש־אייַנגעוואַנדערטער, פרעמדער, „גרינער".
ג ר י נ ג י ט אָ — פאַרקלענערונג פון גרינגאָ.
ד אַ מ אַ כ ו אַ נ אַ — פינף־ליטערדיעקר בוטל מיט שטרוי אַרומגע־פלאָכטן.
ו י ד אַ ל י ט אַ — אַ צאַפּן־אַרגענטיניש טרויעריק ליד.
ז ש אַ ג ו אַ ר ע — טכויר, אַ שטינק־כייַעלע עפּעס גרעסער פון אַ טכויר.
ז ש ע ו י ש — פון ענגליש דזשויש, ווי מען רופט אין אַרגענטינע די יק"אַ (דזשויש קאָלאָניזיישאָן אָרגאַניזיישאָן).
ט אַ ב אַ — שפּרינגבייַן — אַ שפּיל מיט אַ שאָפענעם שפּרינגבייַן.
ט ש אַ מ ב ע ר ג אָ — קיילעכדיק אייַנגעקנייטשטער קאַפּעליוש.
ט ש אַ ק ר ע — דאָס פעלד, וואָס דער פויער באַאַרבעט.
ט ש י נ אַ — קרעאָליש מיידל אָדער ווייַבל.
ט ש ע — היימישע ווענדונג צו איינעם וואָס מען אירצט ניט.
ל אַ ס אָ — אַ לאַנגער שטריק מיט אַ שלייף צו כאַפּן די בעהיימעס.
ל אַ ס י ר ן — פאַרייִדישטע פאָרעם פון לאַסאַר — כאַפּן מיט דעם לאַסאָ.
ל ע ג ו ע — פינף קילאָמעטער.
מ אַ ט ע — אַרגענטינער טיי, וואָס מען זופּט דורך אַ רערל.

מאַטרעראָ — באַנדיט. ספּעציעל אַן אַנטלאָפֿענער פֿון דער יוסטיץ.
ניאַנדובײַ — אַ בוים פֿון זייער האַרטן האָלץ.
נעגריטאַ — שוואַרצינקע, אַ צערטלעכקייט־וואָרט.
סאַרכענטאָ — סערזשאַנט.
סאַינאָ — טונקל־קאַשטאַנער פֿערד.
סיעסטאַ — נאָכמיטיק־שלאָף.
סולקי — דאָס וואָס מען רופֿט אין ייִדיש אַ „פֿערד און וועגעלע".
עסטאַנסיאַ — אַ גוט, אַ מאַיאָנטעק.
עסטאַנסיעראָ — אַ גוטבאַזיצער.
עסטילאָ — רעטשיטאַטיווער געזאַנג.
פּאַלענקע — אַ סלופּ אָדער אַ באַריער פֿון צוויי סלופּעס, וווּ מען בינדט צו דאָס פֿערד אָדער די קו.
פּאַטראָן — באַלעבאָס.
פּאַטראָנסיטאַ — באַלעבאָסטעטשקע.
פּאַזשאַדאָר — אימפּראָוויזאַטאָר פֿון גאַוטשישע קופּלעטן, באַגלייט מיט דער גיטאַרע.
פּאַנגאַרע — הירשן־קאָלירטער פֿערד.
פּאָנטשאָ — אַ וואָלענער שאַל מיט אַ שפּאַלט אינמיטן, אָנצוטאָן אַף די אַקסל.
פּולפּעריאַ — שפּײַז־קראָם און שענק.
פּעאָן — באַטראַק, פֿעלד־אַרבעטער.
קאַודיזשאָ — פּאָליטישער פֿירער.
קאַטרע — שער־בעטל.
קאַמפּ — פֿאַרייִדישט פֿון קאַמפּאָ — סטעפּ, פֿעלד, נאָכלע.
קאַמפּאַניעראָ — כאַווער.
קאָנווענטיזשאָ — אַ הויף מיט איינצימערדיקע וווינונגען.
קאַניאַ — בראָנפֿן פֿון צוקער־רער.
קאַפּאַטאַז — אויפֿזעער, פֿאַרמאַן.
קאַראַל — אַן אַרומגעצוימטער אָפֿענער שטאַל פֿאַר בעהיימעס אָדער אויפֿעס.
קאַרדאַ — אַ ווילדע פֿלאַנץ מיט אַ שטעכיקער בלויער בלום אַף אַ הויכן שטענגל. — דיסטל.
קאַרדאַל — אַ פֿעלד פֿאַרוואַקסן מיט קאַרדאַ.
ראַנטשאָ — אַ נידעריקע הײַזקע, מיט שטרוי געדעקט.
רעבענקע — אַראַפּניק.

